פערלאג די „יודישע ביהנע“.

# שׂרה שיינדעל

לעבענס בילד מיט געזאנג און טענץ

פון יאזעף לאטיינער.

הערויס געגעבען פון י. לידסקי.

נאכדרוק, די פיעסע, אינגאנצען ווי אויך
אין טהיילען, ווי די פראזא און
אזוי אויך די לידער זײַן
שטרענג פערבאטען,
הערויסגעבער.

ווארשא--תרס״ז

**СУРЕ ШЕЙНДЕЛЬ**

Пьеса въ 3-хъ дѣйствіяхъ

Соч. І. Латайнеръ.

Типографія Б, Туршъ. Варшава Налевки 7.

254

# פֶּערְזָאנֶען:

| | |
|---|---|
| רֶב יוחנצי | דיין |
| שׂרה שיינדעל | זיין ווייב |
| אברהמעלע | זייערע קינדער |
| באבעלע | |
| דזייק | יוחנצים ברודער |
| סעם | זיין זוהן |
| גימפּעל | חזן |
| שאַפּסע | שמש. משוררים און פּאָלק. |

אַלֶע ניין. מיר ווילען זי שוין זעהען!

שרה שיינדעל: (קומט אַריין) שרייט נישט מיינע ליעבע ווייבער און יודען! איהר זאָלט וויסען, אַז מיין מאַן רבי יוחנצי פּסקנט נישט מעהר קיין שאלות!

אַלֶע פאַר וואָס? שרה שיינדעל.

שרה שיינדעל: שאַט! שאַט! שרייט נישט! איך האָב געמיינט אַז דער אַלטער רב וועט שטאַרבען וועט קהל לאַנג נישט טראַכטען און באַלד מיין רב יוחנציען זעצען על כּסא הרבנות, צום סוף זעה איך אַז עס שטעהט גאָר נישט אָן אייער קהל אַז מיין מאַן זאָל זיין רבי, און אַז איך: שרה־שיינדעל, דעם יעהופיצערס טאָכטער זאָל זיין רביצין... טאָ געהט אייך, מיינע ליעבע יודען און יודענעס צו אייער קהל און לאָזען זיי אייך פּסקנ׳ען שאלות.

אַלֶע איהר דאַרפט אונז נישט טרייבען, מיר געהען אַליין. (אַלע אָב).

שרה שיינדעל: און דו שאַפּסע, וואַרף דיך אויבעט אַרויס.

שאפסע: איך בין שוין פון יענער זייט. (אָב).

שרה שיינדעל: האָט איהר געזעהען אַ חוצפה? לאָז נור מיין יוחנציען זיך פערגליסטען עמיצען פסקנען אַ שאלה דראַפּע איך איהם אויס ביידע אויגען!.. האָ האָ, איך וועל זיי וויזען אַז איך הייס שרה שיינדעל דעם יעהופיצערס טאָכטער!

יוחנצי: (קומט אַריין מיט׳ן טלית־ותפלין) גוט מאָרגען דיר שרה שיינדעלע!

שרה שיינדעל: אַ גוט יאָהר דיר רבי. וואָס האָסט דו דיך אַזוי לאַנג געזוימט? רבי מיינער.

יוחנצי: איך דאַרף דאָך זאָגען אַ דרשה אום שבת־הגדול.

שרה שיינדעל: וועט מיר דרשה? און וואָס מיר דרשה? דו וועסט ביי מיר נישט דרשנ׳ען, ביז וואַנען מען וועט דיך

נישט זעצען על כסא הרבנות! דו הערסט? !נישטאָ קיין דרשות!

**יוחנצי**: וואָס הייסט נישט דרשנען שבת הגדול? ווער זשע דען וועט דרשנען?

**שרה שיינדעל**: כל־זמן די שטאָט וועט דיך נישט מאַכען פאַר קיין רב, וויל איך נישט דו זאָלסט דרשנען. דו הערסט? איך בין דעם יעהופיצערס טאָכטער!

**יוחנצי**: אז דו ביסט דעם יעהופיצערס טאָכטער דאָס ווייס איך, נאָר אַ דרשה אויף שבת־הגדול, דאָס מוז איך זאָגען. איי וואָס? וועגען רבנות? — דאָס וועט שוין ממילא קומען. אָט, דאַרף צו קומען מיין ברודער דער מיליאָנטשיק פון אַמעריקאַ, מען האָט עס מיר אין בית־המדרש געזאָגט אַז ער קומט די טעג, און ער מיט זיין גבירות־שאַפט און איך מיט מיין דרשה וועלען מיר איבערנעמען גאַנץ קהל אויף מיין זייט.

**שרה שיינדעל**: איז טאַקי דיין ברודער אַזאַ נגיד ווי מען זאָגט?

**יוחנצי**: איך זאָג דיר: ער איז אָנגעשטאָפּט..

**שרה שיינדעל**: פון וואַנען ווייסט דו דאָס?

**יוחנצי**: עס איז גאַנץ איינפאַך: ווען ער איז אַוועק נאָך אַמעריקאַ, איז ער אַלט געוועהען אפשר 16 יאָהר, און אַצינד איז ער שוין אַלט 40 יאָהר, און די גאַנצע צייט האָט ער געהאַלטען דאָרט און איין גראָבען גאָלד — נו פערשטעהט זיך אַליין אַז ער מוז שוין האָבען גאַנצע בערגער גאָלד...

**שרה שיינדעל**: אָט זעהסט דו דאָס וואָלט דוקא נישט שלעכט זיין. ער זאָל אונז נאָר געבען אַביסעל מיליאָנען, וואָלט איך שוין אונזער קהל געוויזען וואָס שרה שיינדעל דעם יעהופיצערס טאָכטער קאָן...

יוחנצי: זעהסט דו שרה שיינדעל-לעבען, איך וואָלט ביי איהם
דוקא קיין סך נישט געבעטען; נאָר אַט זעהסט דו
אַ פּאָר מיליאָנען וואָלט נישט שאַדען.

שרה שיינדעל: אַ שטייגער וויפיעל קלערסט דו, מיר זאָלען
בעטען ביי איהם?

יוחנצי: איך ווייס? וויפיעל רעכענסטו־אַזוי? עס זאָל זיין מיט
יושר?

שרה שיינדעל: מיט יושר? דאַכט זיך אַ דרייסיג מיליאָנען
וועט זיין גענוג פאַר'ן ערשטען מאָל.

יוחנצי: כְּהָבָא־תֵּתִי... איך פערלאָז מיך אויף דיר. (לערענט)
שַׁבָּת שֶׁלִּפְנֵי הַפֶּסַח קוֹרִין אותוֹ שַׁבָּת־הַגָּדוֹל. איז דאָך די
קַשְׁיָה: פאַר וואָס רופט מען שבת הגדול און נישט יום
הגדול?

שאַפּסע: (לויפט אַריין) אוי רב יוחנצי! שרה שיינדעל! איהר
זענט גליקליך, איהר זענט רייך, איהר זענט אָנגעש־
טאָפּט...

יוחנצי: ווער איז רייך?

שאַפּסע: איהר האָט געמאַכט! איהר האָט ביידע געמאַכט דעם
אויבערטרעפער! איהר זענט גליקליך.

יוחנצי: געלויבט הַשֵּׁם יִתְבָּרֵךְ! אָט זענען מיר געוואָרען
נגידים אָהן רבנות.

שרה שיינדעל: איך פערשטעה נישט. דו שפּיעלסט דען אין
לאָטעריע?

יוחנצי: זעהסט דו דאָך, וואָס דער רבונו של עולם קאָן. מען
דאַרף דען שפּיעלען? מִי שֶׁאָמַר לְשֶׁמֶן וְיַדְלִיק... אַז
גאָט וויל שיסט אַ בעזעם... דאָס איז דאָך טאַקי
גאָטס נִסִים.

שאַפּסע: אַ זאָלבע נסים אויף אַלע חסידים געזאָגט גע־
וואָרען.

שרה שיינדעל: איך מיט מיין ווייבערישען שֵׂכֶל פאַרשטעה

עֶס פָּאַרט נִישט... קוּם נאָר אַהעֶר, שׁאַפּסעֶ גולם! זאָג מִיר דעֶם גאַנצעֶן אֱמת: פוּן וואַנעֶן ווייסט דוּ דאָס אַז מִיר האָבּעֶן געֶמאַכט דעֶם אויבּעֶר־טרעֶפעֶר?

**שאפּסע:** אִיךְ האָבּ דאָךְ אַ פּאָדרעֶשׁווע.

**יוחנצי־שרה שיינדעל:** וואָס האָסט דוּ?

**שאפּסע:** אַ פּאָדרעֶשׁווע. רֶבּ משה דעֶר בעל־עגלה האָט זִי מִיר געֶבּראַכט און האָט מִיר געֶזאָגט: שׁאַפּסעֶ! האָט עֶר געֶזאָגט, אָט האָסט דוּ אַ פּאָדרעֶשׁווע צוּ רֶבּ יוחנציעֶן, עֶר האָט געֶוויִס געֶמאַכט דעֶם אויבּעֶר טרעֶפעֶר. אָט האָט אִיהר זִי, דִי פּאָדרעֶשׁווע.

**יוחנצי:** עֶר מיינט, וואָס עֶס קלאַפּט פון איין שטאָט אִין דעֶר אַנדרעֶרעֶר: אַ טעֶלעֶגראַף.

**שרה שיינדעל:** מִישטיינס געֶזאָגט זיי ווייסעֶן אפילו נִישט וויִ עֶס הייסט... מעֶן רופט עֶס! דעֶפּעשנִיצעֶ. וואָס זשעֶ שטעֶהט דאָרט געֶשרִיעבּעֶן?

**שאפּסע:** אִיךְ וויים? אִיךְ קאָן דען לייעֶנעֶן טְרֵפָה־וּפְּסֻלְ'ען?

**יוחנצי:** געֶה, גולם, בּעֶט אִימִיצעֶן מעֶן זאָל דִיר אִיבּעֶר לייעֶנעֶן.

**שאפּסע:** צוּ ווּעמעֶן זאָל אִיךְ געֶהן?

**יוחנצי:** געֶה צום אַפּטעֶקעֶר.

**שאפּסע:** דעֶר לאַפּטעֶקעֶר ווִיל שוין מעֶהר נִישט לייעֶנעֶן און אייךְ קיין בּרִיעף נִישט שרייבּעֶן. עֶר זאָגט: אַז אַ גאַנץ יאָהר שרייבּט עֶר אייךְ בּרִיעף צוּ אייעֶר בּרוּדעֶר דעֶם מִילִיאָנטשִׁיק און אִיהר גִיעט איהם גאָר נִישט צוּ לייזעֶן, אִיהר זעֶנט נאָךְ איינמאָל נִישט קראַנק געֶווּעֶזעֶן.

**יוחנצי:** געֶה שוין, גולם!

**שאפּסע:** שאַ! אִיךְ וועל געֶהן צוּ חנהלעֶן, דעֶר פּערבלאָנדזשעֶטעֶר נשמה. זִי קאָן דאָךְ אַ סַךְ לשונות!

**שרה שיינדעל:** לאָז זיין צוּ דעֶר פּעֶרבּלאָנדזשֶטעֶר נשמה! נאָר גִיךְ.

שאפּסע: אָט לויף איך שוין. האָ האָ! שאַפּסע איז אַ קלוגער גולם! (ער לויפט אָב און פערלירט די טעלעגראַמע).

אברהמעלע: (קומט אַריין).

שׂרה שׁיינדעל: געלויבט איז דער אויבערשטער! אָט געהט טאַקע אונזער אברהמעלע, לאָז ער אויך וויסען פון דער גוטער בשורה! — אַ גוט מאָרגען דיר מיין זונדעלע, איך וועל דיר אָנזאָגען אַ גוטע בְּשׂוֹרָה–טוֹבָה: מיר האָבען געמאַכט דעם אויבערטרעפער.

אברהמעלע: דעם אויבערטרעפער? ווער שפּילט דען ביי אונז אין דער לאָטעריע?

שׂרה שׁיינדעל: קיינער נישט, זעהסטו מיין קינד און דאָך...

אברהמעלע: ווי זשע אַזוי?

שׂרה שׁיינדעל: דאָס איז דאָך טאַקע אַ נֵס, אָט איז שאַפּסע געקומען צו לויפען מיט אַ גדולה אַז...

אברהמעלע: ווער ווייס וואָס ער האָט דאָרטען געהערט דער גולם...

שׂרה שׁיינדעל: ער האָט דאָך געבראַכט אַ דעפּעשניצע, האָב איך איהם געשיקט, אַז מען זאָל זי איבער לייענען...

אוי אָט איז טאַקע די דעפּעשניצע (הויבט זי אויף און גיט זי אברהמעלען) וואָס דאָס איז פאַר אַ גולם, ער האָט זי פערלוירען!

אברהמעלע: אַ דעפּעשע! (לייענט) וואָס זעה איך? דער פעטער פון אַמעריקאַ קומט דאָך צו פאָהרען! פון איהם איז דאָך די דעפּעשע!

שׂרה שׁיינדעל: וואָס? דער פעטער פון אַמעריקאַ? דער מיליאָנטשיק קומט טאַקע? (לויפט צו יוחנצען) העָרסט יוחנצי? דיין ברודער קומט צו פאָהרען, דאָס איז פון איהם די דעפּעשניצע. אונזער אברהמעלע האָט זי איבערגעלייענט.

יוחנצי: וואָס? אברהמעלע האָט זי איבערגעלייענט? און דיר שרה שיינדעל, דעם יעהופּיצערס טאָכטער איז דאָס גאָר נישט קָשֶׁה?

**שרה שיינדעל:** וואס זאָל מיר דאָ קָשה זײַן ?

**יוחנצי:** יעהופיצערס טאָכטער ! עס אַרט דיך גאָר ניט ? ווי קומט צו אונזער אברהם'לען טרפה־ופסל'ען צו לײַנען ? וואו האָט ער עס געלערענט ?

**אברהמעלע:** (צו זיך) איך האָב מיך אַלײַן פערראַטהען.

**שרה שיינדעל:** אוי ! אַ דונער האָט מיך דערשלאָגען ! וואו האָסט דאָס געלערענט ?

**אברהמעלע:** ליעבע מוטער ! די צײַט שטעהט נישט, באַלד ווערט דער פעטער קומען מוזט דאָך עטוואָס פאָרבערײַטען.

**שרה שיינדעל:** קום שוין, קום יוחנצי ! אָך איז מיר און וועה איז דיר וואס מיר האָבען דערלעבט פון אונזער אייגענעם זוהן ! אָ, הײליגער יעהופיצער ! זאָלסט שטעהן און בעטען פאַר דײַן געטרײַע טאָכטער ! (אָב).

**יוחנצי:** (אָבגעהענד לערענט) שבת שלפני הפסח קורין אותו שבת הגדול . . . (אָב).

**אברהמעלע:** (זיי נאָך קוקענד) אַך דו פינצטערע פאַנאַטיזמוס ! ווי לאַנג נאָך וועסט דו פערשטעלען די העלע זונען־שײַן ? קוים וויל מען עפּעס לערנען, עפּעס געניסען פון וויסענשאַפט, מוז מען זיך בעהאַלטען בְּחַדְרֵי חֲדָרִים . . . און יעצט האָב איך מיך אַלײַן פערראַטהען, ווער ווייסט וואָס איך וועל לײַדען דאַפיר ! . . .

**באָבעלע:** (אַרײַן קומענד).

**אברהמעלע:** אַ גוטען מאָרגען דיר !

**אברהמעלע:** אַ גוטען מאָרגען דיר, מײַן טײַער שוועסטעריל !

**באָבעלע:** זעהר גוט וואָס איך האָב דיך דאָ געטראָפען אַלײַן. איך וויל טאַקע מיט דיר עטוואָס רעדען.

**אברהמעלע:** ווילסט מיט מיר עטוואָס רעדען, נו אדרבה גוט. זעץ דיך.

**באָבעלע:** (זיי זעצען זיך) ווײַסט אברהמעלע אַז דער פאָטער

מיט דער מוטער האָבּען זעהר פיעל שמערצען פון דיר?

**אברהמעלע:** נו זאָג מיר, אדרבה, מיין שען שוועסטערל וואָס פאַר אַ שלעכטס, אייגענטליך, זעהט מען פון מיר?

**באבעלע:** מיר ווייסען דען נישט אַז דו גייהסט אלע טאָג צו דער פערבלאָנדזשעטער נשמה? וואָלסט דו דען נישט געקענט אַ חתן ווערען מיט אַ רב'ס טאָכטער, זאָלסט אָן מאַכען כבוד אונזער זיידען, דעם הייליגען יעהופיצער?

**אברהמעלע:** זאָג מיר נאָר באַבעלע, פון וואַנעט ווייסטו דאָס אַז אונזער זיידע, דער יעהופיצער איז געוועזען אַ הייליגער?

**באבעלע:** אוי וועה! דו גלויבּסט גאָר נישט אַז אונזער זיידע איז געוועהן אַ הייליגער? וועה איז מיר! ער איז דאָך שוין טאַקע אַ פאַרטיגער. און שולדיג אין דעם איז נאָר די פערבלאָנדזשעטע נשמה...

**אברהמעלע:** זאָג נאָר באַבעלע, צו דו ווייסט פאַר וואָס מען האָט דאָס אָרעמע מיידעל אַ נאָמען געגעבּען פער־בלאָנדזשעטע נשמה?

**באבעלע:** ווייל זי איז אַ פערבלאָנדזשעטע נשמה.

**אברהמעלע:** און איך זאָג דיר באַבעלע, אַז דאָס גאַנצע שטעטעל זענען ווילדע חיות, זעלען אין ערד.

**באבעלע:** אוי וועה! אַזוי פיעל פערד און עזלען!

**אברהמעלע:** און ווייסט פאַר וואָס זיי רופען אויף איהר פער־בלאָנדזשעטע נשמה?...

**באבעלע:** ווייל זי געהט הערום אויף דעם עולם התהו...

**אברהמעלע:** ניין, זי לעבט פונקט אַזוי ווי איך און דו. נאָר הער אויס: ווען חנהלע מיט איהר מוטער זענען דאָ אַהער געקומען און אונזער שטעטעל אַריין, איז, זי, חנהלע, נאָך זעהר יונג געוועזען, איהר מוטער האָט זי געלערענט און גוט ערצויגען, שפּעטער האָבען זיך הסידישע בחורים צו איהר זיך געשדכענט, אָבער זי האָט אַלעמען אָבגעזאָגט

און דאַדורך האָט מען אויף איהר אויסגעטראַכט דעם נאָמען זינדיגע אָדער פערבלאָנדזעטע נשמה.

**באבעלע:** הער זשע אָבער וואָס אונזערע פאָטער און מוטער זאָגען אויף איהר?

**אברהמעלע:** אונזער פאָטער זאָל לעבען, איז אַ צוטראָגענע בְּרִיאָה, ביי איהם איז רעכט צו געוואונען אין דער לאָטעריע כאָטש ער שפּילט גאָר נישט. און דו מיין שוועסטערל ביזט אַזוי פערגלויבט, אַז וואָס מען זאָג דיר זאָגסט דו נאָך באָם.

**באבעלע:** איך זאָג נישט באָם, איך זאָג — יאָ.

**אברהמעלע:** זעהסט דו שוועסטערל, איך וועל דיר עפנען דיינע צוויי שענע אויגעלעך און וועל דיר ווייזען וואָס עס הייסט מענשען, וואָס עס איז אַזוינס דאָס לעבען, דאַמאָלס וועסט דו וויסען ווער עס איז אַ פערבלאָנדזעטע נשמה, חנהלע אָדער דאָס גאַנצע שטעטיל. (וויל געהן)

**באבעלע:** אברהמעלע! געהסט גאָר אַוועק? וואַרטסט גאָר נישט אויפן פעטער פון אַמעריקאַ?

**אברהמעלע:** איך וועל נאָך צייט האָבען איהם צו זעהן מיט זיינע מיליאָנען. איך מוז געהן צו חנהלען, טאָמער דאַרף זי עפּעס. זי איז נאָך דער מוטערס טויט זעהר קראַנק געוואָרען, און ליעגט איינע אליין. אַ גוטען טאָג שוועסטערל! (ער געהט אָב).

**באבעלע:** וועה איז מיר נעבעך, עס ציהט איהם ווי מיט צוואַנגען צו דער פערבלאָנדזעטע נשמה!

**שאפסע:** (לויפט אריין פערסאַפּעט) געוואַלד! אַ דונער האָט מיך דערשלאָגען! פינסטער איז מיר! שרה שיינדעל וועט מיך דערהרגנען! אוי געוואַלד!

**באבעלע:** וואָס שרייסט דו?

**שאפסע:** געוואַלד איך האָב פערלוירען די גאַנצע פּאָדעשווע!

**באבעלע:** און איבער אַ פּאָדעשווע מאַכט מען אַזאַ געוואַלד, וועט מען דיר קויפען אַנדערע שטיפּעל.

שׂרה שׁיינדעל: (אונטער די קאָליסען) שאַפּסע! שאַפּסע!
שאַפּסע: געוואַלד! דער מלאך המות!
באַבעלע: גולם! וואָס רעדסט דו!
שׂרה שׁיינדעל: (קומט אַריין אײלענד נאָך איהר יוחנצי) שאַפּסעניו! האַרציניו! געשווינדער גרייט צום טיש, דער מיליאָנטשיק קומט! געשווינדער! ברענג אַריין בראָנפען, פערבייסען, טישטוכלעך! (עס קומען אַן דזשייק און סעם).
דזייק: אַ יוחנצי! איך דערקען דיך ברודער!
יוחנצי: שלום עליכם! וואָס מאַכסט דו טהייערער ברודער?
דזייק: יוחנצי! איז דאָס דיינע פרוי?
יוחנצי: יאָ, דעם יעהופיצערס טאָכטער, זכרונו לברכה.
דזייק: עס פרעהט מיך זעהר ליבע שוועגערין.
שׂרה שׁיינדעל: סקאָצעל קומט, שוואָגער־לעבען.
דזייק: און דאָס איז דיין טאָכטער? (ווייזט אויף באַבעלע)
יוחנצי: דעם יעהופיצערס אַנ'אייניקעל, זכרונו לברכה.
דזייק: אַך וואָס פאַר אַ הערליך קינד! (גלעט איהר, זי לאָזט ניט)
יוחנצי: איך האָב נאָך... וואו איז צברהמעלע?
שׂרה שׁיינדעל: שוואָגער לעבען! ווער איז דאָס שייגעצעל?
דזייק: שייגעצעל? דער איז דאָך מיין בוי.
יוחנצי: דיין גוי?
שׂרה שׁיינדעל: אייער גוי?
דזייק: דער איז מיין זוהן, מיין איינציג קינד, ער איז מיין אַלץ וואָס איז מיר געבליבען פון מיין גאָטזעליגער פרוי. — סעם! דעט איז אַור אָנקעל.
סעם: איז דעט פּאָסיביל? איז דעט אָל מיי רעלעשען?
(געהט צו צו זיי דערלאַנגט זיי די האַנד) האַדיודו אָנקעל — האַדיודו טאַנטע — האַדיודו קאָזין!
שׂרה שׁיינדעל: שוואָגער לעבען! געהט צום טיש, איך האָב כיך פון אייערט־וועגען מבין געווען (דזשייק און סעם זעצען זיך עסען).

דזייק: איך דאַנקע. איך בין ווירקליך הונגעריג. סעם! קאָם טו דע טעהביל.

יוחנצי: געלויבט איז דער אויבערשטער. איך וועל מיך געהן וואַשען (אָב).

סעם: (נעמט אַ פלעשעל) איז דעט ברענדי?

שׂרה שׁיינדעל: חלילה, עס ברענט נישט.

דזייק: ער פרעגט אויב דאָס איז שנאַפּס.

שׂרה שׁיינדעל: רייִנער שנאַפּס, איך האָב ערשט געקויפט.

סעם: היער איזט מיי רעגאַרט.

שׂרה שׁיינדעל: מעהר, האָב איך נישט געהאַט.

דזייק: ער זאָגט צו אייך לחיים.

שׂרה שׁיינדעל: לחיים טובים ולשלום, עסט אייך און טרינקט אייך געזונטערהייט.

סעם: העוו יו גאַט ענעפּקין?

שׂרה שׁיינדעל: דאָס איז נישט לעפּקי, עס איז גוט אויס־געבאַקען. עס איז פּשוט אַ מחיה.

דזייק: ער פרעגט אויב זי האָבען אַ סערוועטעל.

שׂרה שׁיינדעל: שאַפּסע! שנעלער גיב אַהער די טישטוכלעך.

שאַפּסע: (פון קעשענע) נאַט אייך די טישטוכלעך. (יוחנצי קומט צריק וויִשענד די הענד).

דזייק: פאַר וואָס שטעהסט דו פון ווייטען? זעץ דיך אויך צום טיש.

שׂרה שׁיינדעל: (לאָזט נישט יוחנצין צום טיש) נישט פון דייַנעט־וועגען האָב איך זיך מבין געוועהען.

יוחנצי: נו אָ! ברכה לבטלה! (וויַזט די הענד)

שׂרה שׁיינדעל: געה דיר צוריק אין קיך — דו וועסט שפּעטער עסען.

שאַפּסע: רב יוחנצי! זיי עסען אומגעוואַשען!

יוחנצי: און אַז איך האָב מיך געוואַשען און האָב נישט וואָס צו עסען? (סעם וואַרפט אויגען אויף באַבעלען און גיעט איהר

פין צייט צו צייט א האנדקוס, און נאך איינינע מאל בעמערקט עס שׂרה שיינדעל און שיקט איהר אב).

**שׂרה שיינדעל:** שוואגער לעבען וואו איז ערגעץ אייערע געפעק?

**דזייק:** איך האב דאך זיי דא מיט געבראכט. (קוקט זיך אום צום רייזעקעסטעל)

**שׂרה שיינדעל:** נישט דאס מיין איך. איך מיין די גרויסע געפעק...

**יוחנצי:** זי מיינט. דעם גאלדענעם בארג.

**סעב:** פאפא! וואט דעט פיפעל וואנעט פראם יו?

**דזייק:** איידאנט נאה.

**שׂרה שיינדעל:** אהן קאטאוועס, שוואגער־לעבען, וואו איז אייערע געפעק? איהר ווייסט דאך שוין וואס איך מיין? אייערע...

**דזייק:** חלעבען שוועגערין, איך וויים נישט וואס איהר מיינט.

**יוחנצי:** פערשטעהסטו מיך, זי מיינט דעם גאלדענעם בארג, וואס דו האסט מיט געבראכט פון אמעריקא.

**דזייק:** וואס? דעם גאלדענעם בארג?

**סעם:** וואט?

**שׂרה שיינדעל:** וועה איז מיר! אפשר דארף ער אויף א רפואה! שאפסע! שנעל א שטיקעל וואטע!

**שׂאפסע:** (רייסט אויס פון היטעל וואטע) נאט אייך וואטע! קלארע־ריינע וואטע!

**שׂרה שיינדעל:** לאז זיין צו רפואה.

**סעם:** וואט איז דעט? (ווארפט עס אוועק).

**שׂרה שיינדעל:** שוואגער לעבען! האט איהר דאס גאנצע פערמעגען איבערגעלאזט אויף פרעמדע הענד? וועה איז מיר! מען קאן דאך אייך נאך בע׳גנב׳ענען!... און וואס האט איהר דא?

**דזייק:** קלייניגקייטען: אנ׳אנצוג און דער גלייכען.

שׂרה שׂינדעל: און וואו האָט איהר געלאָזט אַייערע מיליאָנען?
דזייק: וועלכע מילאָנען? וואָס האָט זיך אַייך געחלום'ט? וואָס מיינט איהר, איך בין ראָטשילד?
שׂרה שיינדעל: וואָס? קיין מיליאָנען? אַ בעטלער גלייך מיט אונז! און נאָך אַ גוי דאַצו! אַך, וואָס עס האָט זיך מיר געחלום'ט די נאַכט, און יענע נאַכט, זאָל מיר אויסגעהן צו אייער קאָפּ און צו אייער הענד און פיס. שאַפּסע! נעם דעם טיש! (זיי טראָגען אַוועק דעם טיש און לאָזען זיי זיצען).
סעם: סע מיסיס מעגינטע, ווי דאָן טשו לעט פוניש אור דינער?
שׂרה שיינדעל: אַ דינער זאָל דיך דערשלאָגען! דו שייגעץ! איינער! זעהט נאָר! ער שילט זיך נאָך פאַר מיין גוטס! נישט גענוג איך האָב מיך אָנגעבאָרגט פון זייערט־וועגען און האָב זיי אָנגעשטאָפּט די קישקעס, קומט מיר נאָך צו שעלטען! (צו יוחנצי) וואָס שווייגסט דו, שלים־מזלדי־גער מאַן! ווייל עס איז דיין ברודערל! אַ פּראָסטער גוי, ימח שמו! נישט געוואַשען, נישט קיין מוצא, נישט געבענשט! מען טאָר דאָך אין זיינע דלת־אַמות נישט שטעהן! טפו! טפו! (זי לויפט אב).
דזייק: יוחנצי! וואָס איז דאָס?
שרה שיינדעל: (שרייט) יוחנצי! יוחנצי!
יוחנצי: פערשטעהסט דו מיך, ברודער, איך מוז געהן, זי רופט מיך:
דזייק: אָבער וואַרט נאָר, איין וואָרט!
שׂרה שיינדעל: יוחנצי! יוחנצי! געהסט אהער?!
יוחנצי: איך מוז געהן! זי איז דעם יעהופיצערס טאָכטער! (אב).
סעם: וועל פּאַפּאַ וואַדיו טינקטודעט?
דזייק: אָ ווען עס איז נישט מיינס אַ ברודער וואָלט איך מיך מיט איהם אָבגערעכענט!
שאפּסע: (לויפט אריין) רב יוחנצי און שׂרה שיינדעל האָבען

געזאָגט אַז איהר זאָלט געהען פֿון וואַנען איהר זענט געקומען.

**דזייק:** (גיעט איהם געלד) קום אַהער! דאָס — זאָלסט דו געבען מײַן שוועגערין, שׂרה שײַנדעל. און איהר זאָגט, אַז דאָס האָט זי פֿאַר'ן עסען, און דאָס — זאָלסט דו געבען מײַן ברודער, טאָמער דאַרף ער בעצאָהלען פֿאַר מיטטע, און דאָס — האָסט דו פֿאַר דיר, פֿאַרן בעדינונג. און דו סעם, קום!

**סעם:** ווער ווילווי גאָן פּאַפּאַ?

**דזייק:** מיר וועלען קריגען דאָ אַ האָטעל.

**סעם:** פּאַפּאַ! איי וואָנט טוסיע דעט גוירל וואָנס מאָאוער?

**דזייק:** קום, ווערסט — ן שפּעטער זעהען! (בײדע אָב)

**שאַפּסע:** (מיט פערלײַדיגטע הענד) רֶב יוחנצי! רֶב שׂרה שײַנדעל! קומט אַרײַן געשווינד! (יוחנצי און שׂרה שײנדעל לויפען אַרײַן)

**יוהנצי שׂרה שײנדעל:** וואָס איז? וואָס איז?

**שאַפּסע:** ער איז אַנגעשטאָפּט, ער איז אָנגעדאָפּטשעט, ער איז אָנגעפולט! איהר זעהט?.. דאָס — האָט ער געגעבען פֿאַר אייך פֿאַר'ן עסען, און דאָס — פֿאַר אייך אויף אַ מיטה און דאָס — פֿאַר מיר —. אוי מאַמע! האָט ער אַרויס גענומען אַ בײַטעל! איך בין אַזש שיעור בלינד געוואָרען! אָנגעשטאָפּט פֿיעל מיט געלד! און ווען זײַ זענען אַוועק געגאַנגען האָט דער קלײַנער מיליאָנטשיק צו מיר געמאַכט אַזוי... דאָס הײַסט איך זאָל נישט זאָגען וויפֿיעל געלד ער האָט... איך זאָג אײַך ער איז אָנגעשטאָפּט!...

**שׂרה שײנדעל:** ווערה איז מיר! וואו זענען זײַ אַוועק געגאַנגען? מען וועט זײַ נאָך חלילה בעגנב'ענען! שאַפּסע! האַרצעניו! קרוינעניו! וואו זענען זײַ אַוועק געגאַנגען?

**שאַפּסע:** אין אַ האָטעל ערגעץ.

**שׂרה שײנדעל:** ווערה איז מיר! אין אַ האָטעל! קום לאָמיר

זײַ אויפזוכען!

**יוחנצי:** באַלד איז שבת־הגדול!... שבת שלפני הפסח...

**שׂרה שׂיינדעל:** קום, זאָג איך!

**יוחנצי:** און די דרשה?

**שׂרה שׂיינדעל:** צו מײַנע שׂונאים'ס קעפּ! קום זאָג איך האָסט פערגעסען אַז איך בין דעם יעהופיצערס? קום; שוין זאָלסטו געהען!

**יוחנצי:** שבת שלפני הפסח! (בײדע אָב).

**שאפסע:** אַצינד לויפט זי שוין, איהם אױף־זוכען — פריהער האָט מען נישט געטהאָרט שטעהן און זײַנע פיער עלען, ער איז אַ פּראָסטער גוי האָט זי געזאָגט — און אַצינד, דאַכט מיר, וועט ער ווערען בײַ זײַ אַ כּשר'ער יוד — יאָ, יאָ, אַזוי איז אויף דער וועלט: די מַמְתּקים, די פּאָר פּײַעס, מאַכען פון שלעכט — גוט, פון גראָב — אײדעל, פון טרפה — כשר. יאָ, כֶּסֶף וְזָהָב מְטַהֵר מַמְזֵרִים.

1.

עס דאַרף ניט הײַנט די וועלט
קײן חכמים און קײן קע־ער;
ווער עס האָט נאָר מעהרער געלט
איז געבילדעטער און שענער.
עס מאָג זײַן אַ גראָבער־יונג;
קאָן קײן צלם פאַר קײן אלף
מעג ער שוין טהון אויך אַלעס־דינג
און אַרום געהן מיט אַ חלף,
מעג אויס־רײַסען יענעם די געדערעם
ווײַל ער האָט די מַמְתּקים
און מען וועהלט אויס רבֿ־איהם
ווײַל: „כסף וזהב מטהר ממזרים!

2.

אָט זעהט איהר יענער סקנער ;
ער פֶּגֶר'ט פאַר אַ גראָשען ,
און איז אין שטאָט דער הערר
און אַ גאַנצער בעל־לשון .
ער איז היינט ראש־הַקָהָל ,
און פיהרט אַלעמען ביים נאָז
כאָטש ער איז געוועהען אַ מאָל . . .
איהר פערשטעהט אַליין שוין וואָס...
און איז געלעגען דאַן אויך אין חֵרֶם.
נאָר וויל ער האָט די פּייעם
וועהלט מען אוים נאָר עהם
וויל כסף וזהב מטהר ממזרים!

---

3.

איך קאָן אַ'נ'אַלטען מאַן
אַ קראַנקע צרה און מיאוס ,
ער איז געוועהן אַ דאָן זשואַן
און שלעפט היינט קוים די פּיס ;
ער האָט חתונה פאַר אַ מיידעל ,
זי איז פראָסטע מילך און בלוט
און געבילדעט שען און איידעל ,
און בערעכענט ניט וואָס זי טהוט
ווי קאָן מען וואָהנען מיט חַזֵרים
און דוקא געפעהלט ער איהר
וויל ער איז אַ גרויסער גביר
און כסף וזהב מטהר ממזרים...

# פאָרהאַנג

ענדע ערשטע אַקט.

# צווייטער אַקט.

(ראָס זעלבע צימער פון ערשטען אַקט, שענער מעבלירט)

**ימפעל:** (מיט משוררים זינגען) נו קינדער עס וועט שוין געהען.

**איינער.** זאָגט מיר חזן, וואָס איז היינט ביי רב יוחנצין אַזא טראַסק, וואָס מען האָט אונז אַלעמען געשיקט רופען אַהער?

**נימפעל:** איך ווייס אַליין אויך נישט. שאַפסע איז געקומען צו מיר און געזאָגט איך זאָל פאַרטיג מאַכען אַ שענעם „מן המצר" צו ליעב דעם גאַסט.

**איינער.** וואָס פאַר אַ גאַסט?

**נימפעל:** איהר ווייסט דען נישט, אַז רב יוהנצים ברודער, דער מיליאָנטשיק פון אַמעריקאַ, איז געקומען? קינדער! גרייט זיך אָן גאָרגלען!.. אָט געהט שאַפסע! (שאפסע קומט אריין) זאָג נאָר שאַפסע...

**שאפסע:** ניין, נישט שאַפסע! אוים שאַפסע! היינט הייס איך שוין נישט שאַפסע...

**נימפעל:** ווי דען?

**שאפסע:** טאַקע רב שאַפסע!... (נימפעל און אלע לאכען) צייט רב יוחנצי איז געוואָרען רב בין איך געוואָרען שמש און איך הייס רב שאַפסע שמש.

**נימפעל:** (צו די משוררים) ווי געפעלט אייך דער גולם?

**שאפסע:** אַז איהר וועט מיך־רופען גולם, וועל איך אייך רופען דראָנג!

גימפּעל: לאָז־זשע זײַן: רֶב גולם.

שאפּסע: װעל איך אײַך רופען רֶב דראָנג!

גימפּעל: גולם!

שאפּסע: דראָנג!

גימפּעל: נו לאָז זײַן רֶב שאַפּסע. זאָג־זשע מיר רֶב שאַפּסע, איז טאַקע אמת אַז מען האָט געזעצט רב יוחנצין על כסא הרבנות?

שאפּסע: און מיך על כּסא השמשות.

גימפּעל: אַ האַ! איז דאָס, צו ליעב דעם הײַנט אזאַ טראַסק?

שאפּסע: אַלץ הײסט אַ טראַסק! צײַט טראַסקעס האָבען זיך געטראַסקעט האָט זיך נאָך אַזאַ טראַסק נישט אויסגע־טראַסקעװעט. און איהר װײסט גאָר נישט? הײַנט איז דאָך תּנאים בײַ אברהמלען.

גימפּעל: איהר הערט חברה־לײַט?.. װער זשע איז די כּלה?

שאפּסע: טאַקע זי — זי אַלײן איז דאָך די כלה.

גימפּעל: װער איז דאָס די זי?

שאפּסע: טאַקי זי אַלײן...

גימפּעל: װער? גולם!

שאפּסע: דראָנג!

גימפּעל: רעד מיט אַ... איך פרעג דאָך דיר, װער איז די כּלה?

שאפּסע: טאַקי זי — חנהלע.

גימפּעל: זאָג זשע נאָר שאַפּסע...

שאפּסע: רב גימפּעל! אז איהר װעט מיך רופען פּראָסטע שאַפּסע, װעל איך דאָך אײַך רופען... איהר װײסט שוין װאָס...

גימפּעל: טאַקע נאָר רֶב שאַפּסע?

שאפּסע: אַװדאי רֶב שאַפּסע.

גימפּעל: זאָג זשע מיר רֶב שאַפּסע, היתכן...

שׁאפּסע: היתכן וואָס ?
גימפּעל: היתכן, שרה שׁײַנדעל . . .
שׁאפּסע: שוין נישט שרה שׁײַנדעל, נאָר די רֶבּיצין.
גימפּעל: און די רבּיצין שרה שׁײַנדעל האָט צו געלאָזט צו דעם שידוך ?
שׁאפּסע: זעהט איהר רב גימפּעל, אַז איהר פרעגט מיך ווי אַ מענש, וועל איך אײַך ענטפערען: רֶב יוחנצי איז דער רָב, שרה־שׁײַנדעל — די רֶבּיצין, רֶב שׁאַפּסע — דער שמשׂ, אברהמלע — דער חתן, חנה'לע — די כּלה און דאָס אַלץ האָט אָנגעמאַכט . . .
גימפּעל: ווער ? ווער האָט דאָס אָנגעמאַכט ?
שׁאפּסע: וואָס הייסט ווער ? טאַקע ער!
גימפּעל: ווער איז דאָס דער ער ?
שׁאפּסע: רב יוחנצים ברודער . . .
גימפּעל: אָט דער מיליאָנטשיק ?
שׁאפּסע: וואָס ? אַ מיליאָנטשיק איז ער ?
גימפּעל: וואָס דען, ניין ?
שׁאפּסע: וואָס דען יאָ ?
גימפּעל: וואָס ? ער איז גאָר קיין מיליאָנטשיק נישט ?
שׁאפּסע: אַ מיליאָנטשיק גאָר! אַ מיליי—מיליי—מיליאָנטשיק . .
גימפּעל: הערט איהר חברה ? גרייט אָן גאָרגלען!
שׁאפּסע: שאַט! שאַט! אָט פיהרט מען דעם רֶבּין רֶב יוחנצי!
(מען פיהרט אַרײַן ר' יוחנצין, מיט געזאנג)

## כאָר.

מזל טוב, מזל טוב אין אַ גוטער שעה
ווינשט זשע אַלע דעם מורה הוראה
צו ליעב דעם יעהופּיצער אונזער זיידען
טאַנצט זשע, טאַנט זשע אַלע מיט פרײַדען

בּים

גימפּעל: שאַט! שאַט! צוליעב דער שמחה מוזען מיר געהן אַ פרעהליך טענצעל!

## כאָר.

מיר יודעלעך, חסידים'לעך
זיינע כּשרה תּלמידים'לעך
גיבּען אָב עהרע דעם צדיק.
זינגט זשע הויך,
אַלע מיט כּח, } בּים
גיעט אָב עהרע דעם צדיק!
לחיים, לחיים, (אלע אָב).

**דזייק:** (לאַכט) האַ האַ האַ! איך וועל עס האָבּען צו געדענקען אויף מיין גאַנצען לעבּען אַרוים... אַ שענע ראָלע שפּיעל איך דאָ אין דעם שטעדטעל! רויטשילדען האַלטען זיי, קענען מיר, פאַר אַ בּעטלער! זיי רעכנען מיר פאַר דעם גרעסטען מיליאָנער אין אַמעריקאַ... אַלץ טהוען זיי לויט מיין ווילען.

**סעם:** יו, היר?

**דזייק:** סעם! געדענק, זאָלסט זעהר פאָרזיכטיג זיין מיט דיין רעדען. איבּערהויפּט וועגען אונזערע מיליאָנען.

**סעב:** וואַט דוויטין מיליאָנס?

**דזייק:** מיין קלוגער בּרודער, דער רבּי רב יוחנצי מיט זיין רבּיצין, דעם יעהופּיצערס טאָכטער און אַזוי אויך דאָס גאַנצע שטעדטעל האָבּען זיך איינגעבּילדעט אַז איך פערמאָג טויזענדער מיליאָנען. און וואָס איך רעד נאָר אַרויס מיט'ן מויל ווערד בּאַלד אויסגעפיהרט. און איך האָבּ גלייך געשיקט נאָך די דאָזאָרעס פון שטאָט און האָבּ פערלאַנגט אַז מען זאָל קרוינען מיין בּרודער אַלס רב. און איך האָבּ נישט בּעדאַרפט צוויי מאָל איבּעררעדען און מען האָט איהם גלייך אונטער געשריבּען אַ כּתבֿ־רבנות, דאָס הייסט אַ קאָנטראַקט. זיי מיינען אודאי אַז איך וועל זיי איבּערלאָזען עטליכע מיליאָנען... האַ האַ האַ!

**סעם:** דעָ מאַכט בי אינדיעַנס !

**דזייק:** געװיס. זײ זענען נאָך ערגער װי אינדיאַנער. און די געשיכטע פון דײַן קוזין אַברהמעלע מיט דעם אָרעמען מײדעל אַננאַ װײסט דו דאָך. אַך! די אָרעמע אַננאַ! איך קאָן עס מיר נאָר נישט ערקלערען. זי האָט אויף מיר אַ שרעקליכען אײנדרוק געמאַכט! איך האָב געפאָדערט זײ זאָלען פערלויבט װערען און הײנט װעלען זײן די הנאים. אַז פיהר איך אויס בײ זײ.

**סעם:** פּאַפּאַ! װאַדט װילבי די ענד?

**דזייק:** װאָס זאָל זײן?... מיר װעלען זיך דאָ, נאָך אַ פּאָר טאָג אויף־האַלטען, ביז איך װעל פערענדיגען מײַנע געשעפטען. און דאַן װעלען מיר צוריק פאָהרען קײן אַמעריקאַ.

**סעם:** פּאַפּאַ! אײ דו יו לײַק מײַ קאָזין באַבעלע?

**דזייק:** באַבעלע איז זעהר אַ שען קינד — אָבער צו פרום.

**סעם:** יו נאָ, פּאַפּאַ, אײ לײַק באַבעלע?

**דזייק:** געװיס, דאַרפסט דו זי ליעב האָבען, זי איז דאָך דײַן קוזינע.

**סעם:** אײ לײַק שי שעלבי מײַ װײַף.

**דזייק:** אָ, דו לױפער דו! דו רעדסט שוין פון אַ װײַב!?

**סעם:** פּאַפּאַ! שי איז לײַק מײַ סאַיים! אײ יעם אַביקבױ.

**דזייק:** אָבער װי קומסט דו צו איהר? זי איז דאָך אַ גאַנצע רביצין.

**סעם:** דאָנבי אַפרײד, פּאַפּאַ אײ װיל בי האַר שי־װיל. נאָר בי רביצין.

**דזייק:** סעם! מעהר קײן װאָרט דאַפון. מאַרש אַרױס!

**סעם:** אָללרײַט (אָב) (עס קומט אַרײַן שׂרה־שײנדעל און גימפּעל)

**שׂרה שײנדעל:** שװאָגער לעבען, איהר זענט גאָר דאָ? און מיר זוכען אײך הערום!

**דזייק:** צו װאָס דאַרפט איהר מיך?

**גימפּעל:** מיר װילען װיסען, פערשבעהט איהר מיך. װיפיעל

מיליאָנען מיר זאָלען דאָ אַריַין כמאַליען? דאָס הייסט וויפיעל נדן איהר זענט אייך מתחייב?

**שׂרה שׁיינדעל:** טאַקע יאָ, פערשטעהט איהר מיך, רב גימפּעל שרייבט יעצט די תנאים, און אַזוי ווי איהר האָט געזאָגט אַז איהר ווילט זיין דער מחותן משני הצדדים. פרעגט ער, פערשטעהט איהר מיך, וויפיעל ער זאָל איינשרייבען.

**דזייק:** קומט שוועגערין אין צווייטען צימער, וועלען מיר רעדען דאַפּון. (דזייק און שׂרה שׁיינדעל אָב).

**גימפּעל:** אַז גאָט וועט העלפען וועל איך אויך כאַפּען אַ מיליאָן.

**סעם:** (קומט אַריין) סע! מיסטער!

**גימפּעל:** חלילה! איך בין קיינמאָל נישט געוועהן קיין שוסטער! איך בין אַ חזן — ווייסט וואָס עס הייסט חזן?

**סעם:** עוּקאָס יוּ אַהר עַ פּיק.

**גימפּעל:** שאַפּסע גולם איז אַ ביק — אָבער נישט איך!

**סעם:** אַיי נאָ יוּ אַהר ערעוורענד.

**גימפּעל:** ווער רעווערט, ווער?

**סעם:** יוּ אַהר — אָ — אָ

**גימפּעל:** ער גלייכט מיר גאָר צו אַ דבר־אַחר!

**סעם:** אַיי נאָ יוּ אַהר רעווערענד.

**גימפּעל.** דאָס איז אמת, איך מאַך מיט די הענד. אַ חזן מוז עס אָבער.

**סעם:** (לאַכט) האַ האַ האַ.

**גימפּעל:** גלויבסט מיר נישט? נאַ זעה (ווייזט איהם אַ פּאַפּיר) אָט שטעהט אונטער געשריבען: גימפּעל דער שטאָט־חזן.

**סעם:** (בעטראַכט דאָס פּאַפּיר) האַ דוּ יוּ קאָהל דעט?

**גימפּעל:** אַודאַי וועל איך עס לייענען אויפ'ן קול און נאָך מיט אַ ניגון... (סעם בעטראַכט איהם די באָרד און די פּאות) אַ חשק פון אַ מיליאָנטשיק! נאָר וואָס מהוט נישט אַ יוד,

צוליעב פרנסה? קרייזעל מיר די פּאה, קראַץ
מיר דעם באָרט, אבי עס זאָל אַרוים אַפּאָר
מיליאָנען.

סעם: סע ליסען!

נימפּעל: איך הייס נישט ניסן! האָ האָ ווען איך זאָל זיין
ניסן — אָבער נישט צו פערזינדיגען, גימפּעל חזן קאָן
אויך זינגען. אָט וועסט דו באַלד הערען (ער שרייט אין
צווייטען צימער אריין:) זרח! ברוך! געצעל! גרונם! קומט
אַריין (זיי פאַלען אַריין)

סעם: (מיינט אז זיי ווילען איהם שלאָגען) סע! יו וואָנד אָ פייט!
קאָם אָן! איל פייט יו!

נימפּעל: (שרעקענד) חלילה מיין קינד! ווער שלאָגט זיך!
(צו די משוררים) חברה! דער מיליאָנטשיק וויל: מיר זאָלען
איהם עפּעס זינגען. עס וועט געוויס אַרוים אַפּאָר
מיליאָנען. נו! (זיי זינגען)

סעם: סע! סע! דעט איגוף! איי וויל סינג יו!

נימפּעל: שאַ שאַ! לאָזט נאָר! איהר הערט? דער מיליאָנטשיק
וויל אונז עפּעס זינגען.

איינער. נו, לאָמיר אדרבה הערען וואָס אַזאַ מיליאָנטשיקעל
זינגט.

נימפּעל: ער מעג שוין זינגען וואָס ער וויל, אַבי עס זאָל נאָר
אַרוים אַפּאָר מיליאָנען. נו...

סעם: אל ביבי אַ כאַנג — עס וויל בי סאַלעט.

נימפּעל: איהר הערט? ער וועט אונז זינגען פון צלאל
חזן.

אַלע. האָ האָ, נו אדרבה! אדרבה!

סעם (זינגט).

שי איז מיי סוויטסט האַרט! איי עם האָר בוי!

שׁי איז מײַ העני אײַ לײַק האָר !
שׁי וויל מערי שור פאָר מי —
אײַ וויל קיס האר , שׁי וויל קיס מי ... (גימפּעל שלאָגט איהם אָבער)

**גימפּעל:** שאַ ; שאַ ! זעהסט דו מײַן קינד , עס וואָלט זעהר גוט זײַן , נאָר דאָס אײגענע אָהן ווערטער .

**סעם:** וואָ דו יו וואָנדט .

**גימפּעל:** מיט דער האַנד שאַדט נישט , אָבער אָהן ווערטער , נאָר די רײנע מעלאָדיע .

**סעם:** אײַ נאָ . יומין וויט אָהט וואָויץ .

**גימפּעל:** איך וויצעל זיך נישט , חלילה ! נאָר ניש רעדען , בלויז געזאַנג ... (סעם פּײַפט דאָס זעלבע) אָ נײן ! שאַ ! שאַ ! דאָס פערשטעה איך גאָר נישט ! און גלאַט ווי טהאָר מען עס פּײַפען אין אַ יודיש הויז ?

**סעם:** וואַט דו יו וואָנדט ?

**גימפּעל:** וואָס פאַר אַ וואַנד — עס מאָג זײַן אין מיטטען שטוב , נאָר בלויז נגינה מײַן איך , ..

**סעם:** אײַ נאָ וואָ דו יו מין ! דיר ניט רײדע .

**גימפּעל:** איך שילט דיך נישט און דו שילט מיך נישט . נאָך דאָס פעהלט מיר איך זאָל , חלילה , מײַן ביסעל לשון פערליערען . דו מאָגסט דיר רעדען וויפיעל דו ווילסט נאָר נישט בזו הרגע . אַצינד דאַרף איך אַ ביסעל זינגען . איך מײַן בלויז נגינה...

**סעם:** אײַ נאָ — (זינגט אָהן ווערטער) .

**גימפּעל:** (קוועלט אָן) אַך ווי גוט ! ווי זיס ! מַלְאָכים געזאַנג ! עס צוגעהט אין יעדען אֵבֶר... וואו במאַליעט מען עס ערגיץ אַרײַן ? אַ וואויל ניגונדעל , בנאמנות !.. האַ ? . ומִפְּנֵי חֲטָאֵינוּ ... עפּעס געהט עס נישט ... אפשר , האַ ?.. וּנְתַנֶה תּוֹקֶף קְדוּשַּׁת הַיוֹם ... פּאַסט אָבער נישט ...

**אײנער** . צום „לְכָה דוֹדִי" דאַכט זיך נישט שלעכט .

גימפּעל: שטיל דו דראָנג!... וואַרט, נאָר וואַרט, האַ? דאַכט זיך האַ? יאָ?.. לְכָה דודי לִקְרַאת..., זעהר גוט, זעהר גוט! עס לעגט זיך אוים געצייכענט... נו! (אַלע זינגען, סעם זינגט מיט).

דזייק: (קומט אַן ווי זיי זינגען) סעם! וואָס טהוסט דו? דו לויפער איינער! — הערר גימפּעל! געהט און ענדיגט די תנאים!

גימפּעל: (ערשרעקענד) גלייך! גלייך! (צו די משוררים) געהט! געהט! (זיי געהען אָב) גאָט זיי דאַנק! איך האָב נושא חן געוועהן ביים גרויסען און ביים קליינעם מיליאָנטשיק! (אָב)

סעם: וועל פּאַפּאַ! פיעל מיליאָנען דו שרייב אַריין?

דזייק: עס איז נישט דיין זאַך! מאַרש אַרויס!

סעם: אָללרייט (אָב)

חנהלע: (קומט אַריין) אַך! מיין עדלער וואָלטהעטער! גאָט זאָל אייך בענשען! איך האָב קיין ווערטער נישט צו דאַנקען אייך פאַר דעם גוטען וואָס איהר טהוט מיט מיר! איך עהרע אייך ווי אַן׳אייגענעם פאָטער!

דזייק: אַ פאָטער! איך בין געוועהן אַמאָל אַ פאָטער פון אַ טאָכטער! אַננאַ האָט זי געהייסען... אָבער ליידער האָב איך זי פערלוירען צוזאַמען מיט איהר מוטער!... פערלוירען האָב איך זי, אָבער איך וועל זי ניע פערגעסען!...

חנהלע: אָרעמער פאָטער!

דזייק: זי, ליעבע חנה׳לע האָבען אויף מיך אַ שטאַרקען איינדריק געמאַכט, פון ערשטען אויגענבליק אַן צייט איך האָב אייך דערזעהען בין איך צו אייך צו געבינדען געוואָרען ווי אַ פאָטער צו זיין אייגען קינד. איך בין בערייט אַלעם אָנצוווענדען אַבי אייך גליקליך צו זעהן, און ווי גליקליך וואָלט איך מיך שעצען איך זאָל קענען ביי אייך פערטרעטען די פאַטער־שטעלע, איהר זאָלט זיין מיין טרייסט אַנשטאָט מיין פערלוירענע אַננאַ. אַך ווי גליקליך וואָלט איך זיין. ערלויב מיר, חנה׳לע, דיין שטערן

פּעטעדליך צו קיסען. (ער קוּשט זי, אברהם'עלע קוּמט אן און בלייבּט שטעהן) וואס ביזטו אזוי שטעהען געבּליבּען? בּיסט דו פּילייכט אייפערזיכטיג וואס איך האב מיך ערלויבּט דיין כּלה א פּעטערליכען קוּש צו געבּען?.. זיי וויסען אברהמעלע אז איך בּעטראכט זי אלם מיין אייגען קינד. איהר זענט בּיידע מיינע קינדער... בּיידע זאג איך... עוויג וואלט איך וועלען מיט אייך בּיידען זיין צו זאמען. יעצט אבּער מוז איך אייך אויף א קורצע צייט לאזען אליין, אום מארגען גאנץ פריה מיטן צוג אב צו רייזען. בּלייבּט געזונד קינדערלעך! אויף'ס ווידער זעהן! (אב)

אברהמעלע: זייט געזונד אנקעל.

חנהלע: געהן זי געזונד, פאטער. — (צו אברהמלע) וואס בּיסטו אזוי שטעהן געבּליבּען?

אברהמעלע: חנהלע. דער פאטער דיינער, — ווי דו רופסט איהם — געפעהלט מיר גאר נישט. איך האב קיין צוטרויען צו איהם....

חנהלע: ווי איך זעה, בּיסטו אייפערזיכטיג אויף דעם עדלען מענשען, וועלכען מיר האבּען צו פערדאנקען אונזער גליק.... אברהמ'לע.. זיי רוהיג... ער האט מיך געקוּשט... אבּער פעטערליך... און אויך בּיי דיר דארף ער פעררעכענט זיין מעהר אלם אנקעל... מעהר, פיעל מעהר....

אברהמעלע: יא, האסט רעכט מיין טהייערע, פערצייהע מיר.... ענדליך איז געקומען די ליעבּע צייט, אז איך קאן פריי פאר דער גאנצער וועלט אויס־שרייען מיין שטארקע ליעבּע צו דיר... יא שׁ־אַרק איז די ליעבּע, אבּער דער אייפער! א שרעקליכען אייפער בּרינגט זי מיר אריין... איך וו־ם עס איז מיין שוועכע, איך לייד דאריבּער, לייד אומזאנסט.... אבּער, גאט וויים צו וואס עס קאן מיר בּרענגען...

**חנהלע:** זיי רוהיג מיין ליעבער, טהייערער אברהמלע. (זי נעמט ארויס פון בוזעם א בילר) זעהסטו מיין ליעבער, אט דאס בילד, דאס איינציגע געדעכעניש וואס איז מיר געבליעבען פון מיין גאט־זעליגע מוטער, דאס איז ביי מיר טהייערער פון מיין גאנצעם לעבען, און ביי דעם הייליגען געדעכעניש שווער איך דיר, אז דו ביסט מיין ערשטע ליעבע און וועסט עס בלייבען ביז אין מיין גרוב...

**אברהמעלע:** אך מיין טהייערער! פערציילע! פערציילע! (זיי אומארמען זיך — עס הערט זיך טריט, זיי כאפען זיך) דאכט זיך מען גערט. לאָזען אונז די פאנאטיקער נישט בעגעגנען. קום מיין טהייערע! (ביידע אב)

**באבעלע:** (ארייז קומענד) ער איז טאקע פערליעבט!.. און ער האט רעכט. אפילו איך בין שוין אויך פערליעבט אין איהר. איך האב זי ליעב געקריגען ווי א'נ'איינגענע שוועסטער. איך וואלט, דאכט זיך, וואס געטהון אבי צו זיין מיט איהר צוזאמען. (סעם זינגט אונטער די קאליסען) אוי! ער איז שוין ווידער דא! וואו איך געה לויפט ער מיר נאך און האלט מיר און איין דילען דעם קאפ. אבער איך פערשטעה נישט א ווארט וואס ער רעד... נאר דאס הארץ, דאס הארץ מיינס שפירט... עס העבט עפעס אן אזוי צו קלאפען... איך ציטער אינגאנצען... (סעם קומט ארייז) אוי! אט איז ער!..

**סעם:** סוויט, באבעלע, יו נאָ, יו אר מיי קאָזין.

**באבעלע:** וואס? דעם חזן דארפסט דו? אט וועל איך איהם באלד ארייז שיקען... (זי וויל געהען)

**סעם:** יו נאָ, יו מיי שוועסטער קינד.

**באבעלע:** אמת, דו ביסט מיין געשוועסטער קינד, אבער זינדיגען טהאר מען נישט!

**סעם:** סוויט, באבעלע, איי דאנט נו וואדו יו מין זינדיגע.

**באבעלע:** איי! לאז מיך אב!..

סעם: סוויט באַבעלע! יו נו אַיי לאָוו יו. איך דיך זאָ ליבּעַ
איך געה שטערבּען, אַ יונגע טויט...
באַבעלע: וואָס זשע זאָל איך דיר טהון?
סעם: האָב מיך אויך ליעב. סוויט באַבעלע, איך דיך קוסען!
באַבעלע: וועה איז מיר! מען טאָהר דען?
סעם: ס'איז אָבער גוט...
באַבעלע: לאָז מיך געהען!
סעם: קאָן נישט לענגער! (ער קושט זי)
באַבעלע: וועה איז מיר. וואָס האָסט דו געטהון? גאָט זאָל מיך נאָר נישט שטראָפען. גאָטעניו. (לויפט אָב)
סעם: (בלייבּט שטעהן) נעווער יומיין. איי וויל קים יו! מיין פּאַפּאַ וויל בּיי יו פיר מאָני (ער זינגט)

---

1.

לערנען קאָן איך גוט, אוי פּאַפּאַ, אוי פּאַפּאַ
קיין קינד בּין איך שוין ניט אוי פּאַפּאַ, אוי פּאַפּאַ.
צום לערנען האָב איך זיך געשטיפּט,
שטענדיג אַ גוט־בוי געוועהן
און צייט איך האָב נאָר זי געזעהען
האָב איך מיך אין איהר פערליעבּט.

אוי פּאַפּאַ אוי פּאַפּאַ } בּיס.
פּאַפּאַ קויף מיר דאָס }

איך וויל קיין קליידער, איך ברויך קיין געלד
וואָס נוטצט מיר די גאַנצע וועלט
ווען זי גיעט מיר נאָר איין קוסס
אוי פּאַפּעניו קויף מיר דאָס...

---

2.

ווען איך בין געווען נאך א קינד אוי מאמאַ, אוי מאַמאַ!
ווי בין איך געווען דאַן בלינד אוי מאַמאַ, אוי ב׳ ב׳!
אָבער גליקליך בין איך דאַן געווען
איך האָב פון קיין זאך געוואוסט
צו קיין זאך האָב איך נישט געגלוסט
געליעבט האָב איך דיך נאָר אַליין
אוי מאַמאַ, אוי מאַמאַ
מאַמאַ קויף מיר דאָס } ב׳ ב׳
איך וויל קיין קליידער, איך ברויך קיין געלד
וואָס נוטצט מיר די גאַנצע וועלט
ווען זי גיעט מיר נאָר איין קוסס
אוי מאַמעניו קויף מיר דאָס!..



# פערוואנדלונג

(אַ בעזונדער צימער וואו דזייק שלאָפט, עס איז פאַרטאָג. דזייק אַיילענד זיך צום צוג שטעהט אויף און ציהעט זיך געשווינד אָן.)

**דזייק:** (קוקט אויפ׳ן זייגער) אָ שוין נאָך 5 אַ זייגער, איך זאָל נאָר דעם צוג נישט פערזאָמען. פערלאָזט זיך אויף שאַפסען. אָבער ער האָט געמוזט פערשלאָפען. (ער פאַקט צוזאַמען די זאַכען) אַך די חנה׳לע. דאָס ליעבענסווירדיגע קינד קאָן מיר גאָר פון זינען נישט אַרויס. אַך ווי שווער איז מיר צו שיידען זיך מיט איהר! (עס קומט אָן חנהלע אין די שלאָף־קליידער, מיט אַ ליכט אין דער האַנד, אַלס נאַכט־וואַנדלערין) אַך גאָט! וואָס זאָל דאָס בעדייטען?

**חנה׳לע:** (געהט לאַנגזאַם און רעדט) גליקליך שפיר איך מיך יעצט. אַלע זענען מיר פריינד געוואָרען. און באַבעלע, מיין

טהײַערע שװעגערין װי ליעב האָב איך זי. קום אַהער צו מיר טהײַערע באַבעלע! איך װיל דיך אום־אַרמען.

**דזייק:** גאָט! זי איז אַ נאַכט־װאַנדלערין! און דאַדורך רופט מען זי „פערבלאָנדזעטע נשמה". די גראָבע מענשען פערשטעהען ניִשט אַז זי איז נעבעך קראַנק...

**חנה׳לע:** און װי געפעהלט דיר, באַבעלע, מײַן נײַע קלייד?

**דזייק:** װאָס טהוט מען? אויף־װעקען זי טהאָר מען ניִשט! עס קאָן איהר פיעל ערגער מאַכען!..

**חנה׳לע:** און דו אַברהמלע, װאָס שטעהסט דו פון דער װײַטענס? ביסט דו נאָך אַלץ אײפערזיכטיג? (זי רוקט זיך צו צום בעט און פאַלט אויף דעם אַרויף און שלאָפט אײַן)

**דזייק:** קראַנק איז זי. אַ שרעקליכע קרענק איז דאָס. און דיע איז זיכער קײן גוטע דאָקטוירים דאָ!.. אָבער איך מוז זי רעטען! פון װינען װעל איך פאַר איהר אַ דאָקטאָר אַראָב ברענגען, עס זאָל מיר אפילו מײַן גאַנץ פערמעגען קאָסטען און רעטען מוז איך זי. — בלײַב געזונד מײַן טהײַער קינד! עס װערד שפּעט, איך מוז אײלען צום צוג — אָבער אויך נאָר פון דײַנעט װעגען. אַדיע! אַדיע! (ער געהט שנעל אָב)

**שאפּסע:** (קומט אַרײַן) רב מיליאָנטשיק! שטעהט אויף! איהר קאָנט נאָך דעם צוג פערזאָמען! עס איז שוין באַלד זעקס דער זײגער! (צו געהענד צום בעט) אוי! װעה איז מיר! אַ בראָך איז מיר! זי בײַ איהם אין בעט!... רב יוחנצי! רב שרה שײַנדעל! מענשען! קומט אַרײַן (אַלע אַרײַן) זעהט זי בײַ איהם אין בעט.

**אברהמלע:** חנה!

**חנהלע:** (װאַכט אויף) אַ נ׳אַנדערע צימער! גאָט װאָס געהט דאָ מיט מיר פאָר? װאו בין איך? װאָס טהוט איהר אַלע דאָ?

**אברהמעלע:** און דאָס טאַקע װיל איך דיך פרעגען: װאָס טהוסט דו דאָ? דו אונגליקליכע!

**חנהלע:** אלמעכטיגער גאָט! וואו בין איך?

**יוחנצי:** קוקט נאר אָן ווי זי מאַכט דעם אָנשטעל, די מכשפה! יודען! איהר זאָלט וויסען, אַז לויט דעם דין נאָך, איז זי מוחרם ומנודה, און מען טהאָר נישט שטעהען און איהרע פיער עלען.

**שרה שיינדעל:** הייליגער יעהופוצער! דו זעהסט דאָך אַלעס! און דו ווייסט דאָך גוט אַז מיר זענען חלילה אין דעם נישט שולדיג. בעט גאָט פאַר אונז, הייליגער זיידע, מיר זאָלען נישט געשטראָפט ווערען פאַר דער שרעקליכע זינד, וואָס איז געשעהן אין אונזער הויז אָהן אונזער וויסען... און דו מרשעת שטעהסט נאָך, און ווערסט נישט איינגעזינקען אין דער ערד אריין פאַר חרפה און בושה. געוואַלד! וואו איז עס געהערט געוואָרען נאָך אַזאַ חוצפה אויף דער וועלט. אַרויס פון מיין שטוב! דו פערבלאָנזעטע נשמה! אַרויס כלבתא!

**חנהלע:** וועה איז מיר! וואָס הער איך? אברהמעלע שיץ מיך!

**אברהמעלע:** דו בעטריגערין! דו וואַגסט נאָך מיין נאָמען צ רופען!

**חנהלע:** גערעכטער גאָט! וואָס געהט דאָ פאָר? (פאַלט אויף די קניע) אויף מיינע קניע פאַל איך פאַר דיר אברהמלע! איך בעט דיך, ערקלער מיר וואָס דאָ געהט פאָר? מיט וואָס האָב איך אַזוי זיך פערזינדיגט? פאַר וואָס קומט מיר אַזוי צו בע- האַנדלען?!

**אברהמעלע:** און דו וואַגסט נאָך צו פרעגען פאַר וואָס?! ווילסטו מיך אויך יעצט בעטריגען און איינ- רעדען אַז עס איז געוועזען אַ פעטערליכער קוש? האַ און היינט ביזט דו איהם געקומען בעלוינען פאַר זיין געכטיגען קושען?.

**חנהלע:** גאָט אין הימעל! וואָס איך מוז אַלץ הערען!

**אברהמעלע:** און מיט די תנאים מיינסט דו בין איך שוין אויף

עֶוויִג צו דיִר פעֶרבּיִנדעֶן ? נײַן ! איִך בּיִן עֶס געֶוועֶהן ... אָבּעֶר נאָך אַזאַ פרעֶכהײַט ... אוים ! (נעֶמט אַרוים די תנאים און צו רײַסט זיי) צוריִסעֶן די תנאים ! און צוריִסעֶן איז אונזר בּונד אויף איִמעֶר און עֶוויִג !

**חנהלע:** גאָט ! וואָס הער איִך ! מוטעֶר ! גאָט־זעֶליִגעֶ מוטעֶר ! ערבּאַרמעֶ דיִך אויף דײַן אונגליִקליִכעֶ טאָכטעֶר ! נעֶם מיִך צו צו דיִר, מוטעֶר ... יאָ ! ניִשט לאַנג און איִך קום צו דיִר !

**אברהמ׳עלע:** (וואַרפט איהר די צוריִסעֶנעֶ תנאים) נאַ דיִר אָב, און געֶה !

**שרה שיינדעל:** היִליִגעֶר יעֶהופיִצעֶר ! שטעֶה אונז בּײַ ! (חנהלע מיִט שרעֶקליִכעֶן אוים געֶשרײַ פאַלט איִן אונמאַכט)

## פאָרהאַנג .

ענדעֶ צווייִטעֶ אַקט

---

# דריטער אַקט.

געס קומט פאר אַ צימער, ביי גימפּעל חזן. ווען דער פאָרהאַנג געהט אויף האַלט גימפּעל אין מיטט איינזינגען עפּעס, מיט ווייניג משוררים. עס איז פּורים פאר דער סעודה.

**גימפּעל:** (נאָך איינינגע מאָל איבער זינגען) נו עס וועט שוין געהן!

אָ. אָ! עס וועט געהן ווי געשמירט. אַצינד קאָנט איהר אייך געהן, נאָר געדענקט, אַזוי, אַקעגען אַ שעה אַרום איהר זאָלט דאָ זיין. מיר מוזען געהען צו רב יוחנצין. געדענקט!

**אלע:** גוט, גוט! אַ גוטען פּורים, אַ גוטען פּורים חזן! (משוררים אָב).

**גימפּעל:** אַ גוטען פּורים, אַ גוט יאָהר!..

**באַבעלע:** (קומט אַריין) אַ גוטען פּורים אייך רב גימפּעל!

**גימפּעל:** אַ, באַבעלע! אַ גוטען פּורים, אַ גוט יאָהר. וואָס טהוסט דו עפּעס דאָ, באַבעלע?

**באַבעלע:** איך בין געקומען זעהן וואָס חנהלע מאַכט.

**גימפּעל:** אויף אַלע אונזערע שונאים געזאָגט. ווער עס ווינשט אונז שלעכטס, זאָל אַזוי אויסזעהען, ווי זי נעבעך. איך זאָג דיר, באַבעלע, אַז מען זאָל האָבען אַפילו אַ שטיינערנעם הערץ וואָלט עס אויך צו נאַסען ווערען, צו קוקענדיג דאָס אונגליקליכע קינד. טאָג ווי נאַכט געהט זי אַרום אַ צו טראָגענע, אַ צו מישטע, רעדט איבער פייער און וואַסער, וויינט, קלאָגט און לאַכט. דאָס האַרץ ווייַנט אויף איהר קוקענדיג. איך זאָג דיר באַבעלע, אַז דיין טאַטע, מאַמע, וועלען דאַרפען אָבגעבען דין וחשבון, פאַר די צרות וואָס זיי האָבען איהר אָנגעטהון!

**באַבעלע:** וואָס איז דען שולדיג דער טאַטע מיט דער מאַמען? אַז זי אַליין...

**נימפּעל:** זי אַליין! וואָס זי אַליין? גלויב מיר זי איז אַ גאַנץ אָרענטליך קינד. זאָל נאָר דער מיליאָנטשיק צוריק קומען פון וויען. ער וועט זיך מיט אַלע אָברעכנען... שאַ! דאַכט זיך זי געהט אַהער... יאָ. (חנהלע ערשׁיינט צוטראָגען)

**באבעלע:** (רוקט זיך שרעקענד אָב) אוי איך האָב מורא פאַר איהר!

**חנהלע:** אַלע אַנטלויפען פון מיר! איך ליעג אין חרם! אַלע פיינדען מיר! קיין איין לעבעדיגען פריינד! די איינציגע פריינדין, מיינע מוטער, איז טויט! אָ מוטער, מוטער! דו ווייסט דעם אמת, אַז דיין אונגליקליך קינד בעזיצט נישט קיין פאַלשעס הערץ. אָבער ליידער וויל עס מיר קיינער נישט גלויבען!.. אָ מוטער. מוטער! נישט לאַנג נאָך, און איך וועל זיין ביי דיר. פאַר דיר וועל איך מיר קענען מיין גאַנץ האַרץ אויסגיסען. צייט דו ביסט אַוועק פון מיר, מוטער, האָב איך נישט פאַר וועמען זיך אויס צורעדען, מען יאָגט מיך מען פלאָגט מיך אָהן אַ פאַר וואָס! עס העלפט נישט קיין שום פערענטפערן זיך! דער איינציגער שוץ מיינער, קאָנסטו נאָר זיין. אוי מוטער! רעטע מיך, נעם מיך צו צו דיר!... אָבער, באַלד נישט לאַנג. מוטער טרויע. באַלד וועל איך זיין ביי דיר, יאָ! האַ האַ האַ!..

**נימפּעל:** חנה'לע! בעמערקסט גאָר נישט ווער עס איז געקומען צו דיר? באַבעלע איז דאָ.

**באבעלע:** חנהלע! איך האָב דיר געבראַכט אַ גרוס פון אברהמ'לען.

**חנהלע:** אברהמעלע! איך בין אונשולדיג! פערשטויס מיך נישט! אברהמעלע! גלויב מיר! גלויב דיין אונשולדיגע חנהלע! גלויב נישט די שלעכטע מענשען! איך בין נישט פאַלש! מיין האַרץ איז ריין!... ניין! ניין! אַוועק! אַוועק געה אברהמעלע! געה! ביסט מיט זיי איינס! אַלע

זענט איהר מיינע פיינד! אַוועק! אַוועק גערט פון מיר!
די איינציגע פריינדין איז מיין מוטער! אָ מוטער, טהייערע מוטער איך געה צו דיר! האַ האַ האַ!.. (אָב)

**באַבעלע:** (האַלב־וויינענד) אַך, מיין אָרעמע חנהלע!

**גימפעל:** אַזוי ווי דו האָסט אַציגד געזעהען, אַזוי איז יעדער טאָג. אָט ווייַנט זי, אָט לאַכט זי. עס איז שרעקליך, זאָג איך דיר! עס רייסט מיר ביים הארצען צו קוקענדיג! אַך, ווי דערלעב איך שוין דער מיליאָנטשיק זאָל קומען. אַלץ, אַלץ מוז איך איהם דערצעהלען.

**שאַפסע:** (קומט אריין) אַ גוטער יום־טוב אייך, רעב גימפעל.

**גימפעל:** אַ גוט יום טוב, אַ גוט יאָהר.

**שאַפסע:** ווייסט איהר רעב גימפעל וואָס איך בין צו אייך געקומען?

**גימפעל:** וואָס?

**שאַפסע:** היינט איז דאָך פּורים אין שטעטעל, וואָלט גוט זיין מיר זאָלען זיך גיידע פערשטעלען: איך פאַר המן הצדיק און איהר פאַר ושתי המלכה און אַרום געהן אין די הייזער און מאַכען געלט.

**גימפעל:** אָ וואַ! נישט אַנדערש! האָסט אַ גוטען געשמאַק גולם! איך גימפעל דער שטאָט־חזן האָב שוין נישט מיט ווימען אין די הייזער צו געהען נאָר מיט שאַפסע גולם?! געה דיר געזונדער־הייט! אין די הייזער בין איך נישט קראַנק אַליין צו געהן... (אָב)

**שאַפסע:** דאַרף מען נישט! (דערזעהט באַבעלען) באַבעלע! וואָס טהוסט דו דאָ? איך וועל דערצעהלען דער מאַמען, וועסט דו קריגען אַ שוואַרצען סוף...

**באַבעלע:** שאַפסעניו, הערצעניו, דערצעהל נישט דער מאַמען, זי וועט מיך שלאָגען!

**שאַפסע:** נו וואָס אַרט דאָס מיך אַז זי וועט דיך שלאָגען? עס וועט דען מיר וועה טהון?

באבעלע: שאַפּסעלע דו האָסט דאָך ליעב פיש.
שאפסע: יאָ, נו?...
באבעלע: וועל איך דיר געבען אַ שטיק פיש, אַ גאַנץ גרויס
שטיק פיש, אַבי דערצעהל נישט דער מאַמען.
שאפסע: פיש! און שאַ!
באבעלע: אַזאַ שטיק און שוין!
שאפסע: אַזאַ שטיק! און שאַ! אוי שאַפּסע ביזט דו, אַ חָכָם
פון דער מה נִשְׁתַּנֶה. (ווינגט)

---

# I.

שאַפּסע ביזט כ'לעבען נישט קיין גול'ם
גָדול מייגסטו זיין ביי דיר:
אין דיינע הענד ליגט דער גאַנצער עולם,
אָנקומען מוז מען נאָר צו מיר.
אַ יעדערער שיקט מיר אַנ'אַנדערען גאַנג
און איך פאָלג זיי אָהן אַ שום טַעֲנֶה;
ווייל איך בין שוין אַזוי לאַנג:
אַ חכם פון דער „מה־נשתנה".

---

# II.

אַ ווייבעל פיעשצעט זיך ביי איהר מאַן
ווייל ער האָט זי זעהר ליעב;
ער גיעט זיך איהר איבער אין די הענד אַריין
דער ספּאָדאַק ווערט זי באַלד אין שטוב;
שפּעטער כאַפּט ער פּעטש פון איהר:
פון זיין טהייער ווייבעל ברײנע,
ווייל ער איז געראָהטען אין מיר:
אַ חָכָם פון דער מַה נִשְׁתַּנֶה.

## III.

אײנער פערליבּט זיך אין בּיסעלע מעות :
ער זוכט נישט מעהר ווי ווערען רייך ,
מײַן ווײַבּעל , זאָגט ער , מאָג זײַן אָהן אַ נאָז
אַבּי זי האָט נאָר געלד אַ סך ;
אַ ווײַבּעל געפינען האָט בּאַלד דער מזיק
אַ'נ'אָבּגעשלאָגענע הושענא . . .
און געלט ? אַ קרענק ! האָט אויך רֶב אײזיק . . .
אַ חכם פון דער מה נשתּנה .

## IV.

אײנער קריגט זײַן דינסט מויד ליעב ;
און בּעקענען וויל ער דאָס איהר ;
ער זאָגט איהר ווען ס'איז פינסטער אין שטוב
„אַ כּפּרה זאָל זײַן מײַן ווײַבּ פאַר דיר"
פּלוצלונג קריגט ער : אַ קנאַק אין די צײן !
אוי ווי גרויס זענען די צרות זײַנע :
זײַן אײגען ווײַבּעלע איז דאָס געוועהן .
אַ חכם פון דער מה נשתּנה .

## פערוואַנדלונג

(עס שטעלט פאָר בּײַ רֶב יוחנצין פאַר דער סעודה . אין שטוב איז יום־טובדיג — בּאַבּעלע אַלײן קוקט אין סדור)

דיך גאָט לויבען מיר אַלע הײַנט :
אין דעם יום־טוב פּורים .
מיר טאַנצען און פרעהען זיך אַלע בּײַנאַנד
און זינגען שענע מזמורים .

מיר דאַרפֿען הײַנט נאָר לויבען און זינגען
דען מיר זענען געווען אין געפֿאהר
דער רשע המן האָט אונז געוואָלט אומבריננגען
און גאָט האָט איהם געשטראָפֿט דערפֿאַר. } בים

סעם: (אונטער די קאָליסען) שי איז מײַ סוויט האַרט.

באבעלע: אוי! ער איז שוין ווידער דאָ!

סעם: (טרעט אויף) סוויט באַבעלע דאָן בי אַ פֿרײַד.

באבעלע: אַ שענע פֿרײַד וועט דאָ זײַן! אַז מײַן פֿאָטער מיט דער מוטער וועלען קומען פֿון שול און וועלען אונז דאָ עבײַד טרעפֿען אַלײן!

סעם: נאָ! איי מין — דיר האָבען קיין אַנגסט, סוויט באַבעלע, יו נאָ וואַט איי קעם טו יו? איך דיר זאָגען, אַז איך דיך ליבע, איך דיך זוי ליבע אַז איך שטאַרב מיט יונגען טויט.

באבעלע: וואָס זשע זאָל איך דיר טהון?

סעם: דו מיך אויך ליבען, באַבעלע! שאָ מי יו הענד... דו הערסט ווי דאָ קלאַפּט? (באַבעלע שאָקעלט מיט'ן קאָפּ) דאָ ליעגט די ליבע און קלאַפּט. עס מאַכט אַזוי: בום־סטאַראַ־ראַ־ראַם! ווי אַזוי מאַכט עס בײַ דיר?

באבעלע: אוי! בײַ מיר מאַכט אויך, ווי אַזוי זאָגסט דו? בום־סטאַראַ־ראַ־ראַם.

סעם: נו איז דאָך גוט.

באבעלע: ניין עס איז נישט גוט.

סעם: וואַרום נישט גוט?

באבעלע: דו האָסט פֿערגעסען וואָס פֿאַר אַ בעזע הערצער עס האָבען מײַנע פֿאָטער און מוטער אויף דײַן פֿאָטער?

סעם: סוויט באַבעלע! דו גלויבסט אַז דײַן פּאַפּאַ מיט דײַן מאַמאַ, וואָס גלויבט אויף מײַן פּאַפּאַ, גלויבען אויף דײַן פּאַפּאַ מיט דײַן מאַמאַ, אַז מײַן פּאַפּאַ איז מיט דײַן מאַמאַ...

באבעלע: אוי גענוג שוין פּאַפּאַ, מאַמאַ. דו רעדסט און רעדסט און איך פֿערשטעה דיך נישט אַ וואָרט.

סעם: יו רײַט באַבעלע. יו וויל סי עף מײַ פּאַפּאַ וויל קעם, היוויל פיקסעט.

באַבעלע: מיט לעבעדיגע פיקסען וועט ער קומען?

סעם: נאָ איי מין עף מײַ פּאַפּאַ וויל קעם. הי וויל מײַקיט אָל רײַט.

באַבעלע: וואָס וועט ער מאַכען?

סעם: וואַט שול איי דו? דו פערשטעהסט מיך ניט.

באַבעלע: זעהסטו, דאַפיר וויל דיך ניט, נישט דער פּאַפּאַ און נישט די מאַמאַ.

סעם: יו מאַמאַ, מײַק־מי־סיק.

באַבעלע: וואָס מײַן מאַמע איז אַ ציג?

סעם: נו, דיר דו מאַמאַ מאַכט מיך קראַנק.

באַבעלע: אוי וועה! זאָלסט כאָטשע זײַן אַ יוד.

סעם: אויף קאָוס, איי יעס, איי יוד.

באַבעלע: דאָס הייסט אַ יוד? אויף דײַן פּנים זעהט מען אפילו נישט אַן דעם צלם אֱלֹהִים.

סעם: דו יעצט רעדסט. איך דיך נישט פערשטעה!

באַבעלע: דאָס איז דאָך לשון הקדש.

סעם: לאָשקע קושקע? וואָט איז דעט? מען ע אָ ע פרוי?

באַבעלע: דו ביסט טאַקע גאָר קיין יוד נישט.

סעם: אויף קאָוס איך אַ יוד.

באַבעלע: דאָס הייסט אַ יוד? איך מיין אַ יוד וואָס זאָל מאַכען כבוד אונזער זיידען דעם יעהופיצער.

סעם: אָלרײַט! איי וויל מײַק כבוד — יו זיידען דעם יעהופיצער.

באַבעלע: איך פערשטעה גאָר נישט. זאָלסט כאָטשע האָבען אַ יודישען נאָמען?

סעם: אויף קוס איי גאַט אַ יודישקע נאָמען.

באַבעלע: האָסט אַ יודישען נאָמען? ווי זשע הייסט דו אויף דײַן יודישען נאָמען?

סעם: יו קויל מי סעם.
באבעלע: אוי! סמך מם!
סעם: נאָ, מיי נעם איז שמואליקעל.
באבעלע: שמואליקעל? אוי טאַקע אַ שענער נאָמען. שמואלי-קעל.
סעם: נו, וויל איך טאַקע זיין דיין שמואליקעל.
באבעלע: אָבער דער טאַטע מיט דער מאַמען דאַרפען אויך וויסען פון דעם.
סעם: אָו נאָ דעט איז ע האַרט זשאַב.
באבעלע: וואָס מיינע מוטער איז אַ שקראַב?
סעם: נאָ איי מין, דאָס אַ שווערע זאַך. באַבעלע דו ווילסט מיך האָבען פאַר דיין שמואליקעל?
באבעלע: איך וויל.
סעם: איך וויל אויך. (ווייִנט).
באבעלע: וואָס וויינסט דו? שמואליקעל?
סעם: (וויינענד) וואָס וויינסט דו באַבעלע?
באבעלע: איך ווייִן נישט. (לאַכט)
סעם: (לאַכט) איך וויין אויך נישט.
באבעלע: וואָס לאַכטס דו? שמואליקעל.
סעם: וואָס לאַכסט דו? באַבעלע.
באבעלע: איך וויים נישט.
סעם: איך וויים אויך נישט.
באבעלע: שמואליקעל!
סעם: וועמענס שמואליקעל?
באבעלע: מיין.
סעם: אוריי! פיר באַבעלע מיט שמואליקעל. (זיי זינגען):
באבעלע: גוט און פרום זאָלסט דו זיין;
איבער דער גמרא קנעלען.
ווירסט דו קענען זיין מיין מאַן;
גאָט און לייט וועסטו געפעלען.

סעם: יו קאָלמיַ שמואֶליִקעֶל דיִער, אַיי וויִל קאָל יו באַבעֶלעֶ.
אַלעֶס קאָנסטו טהון מיִט מיִר, מיִר מאַכשֶן פאַר אַ רֶביִלֶע.

באבעלע: מיִר וועֶלעֶן לעֶבעֶן שעֶן און פייַן
ווען דו וועסט זייַן מייַן שמואֶליִקעֶל.
אַלעֶ וועֶלעֶן אונז מקנא זייַן; }
שמואֶליִקעֶל מיִט באַבעֶלעֶן. } ביס
אַ בן־תּורה וועֶט זייַן מייַן מאַן,
אונזעֶר משפּחה וועֶט גלאַנצעֶן;
דעֶר יעֶהופּיִצעֶר וועֶט אונז מחיה זייַן,
איִן קֶבֶר וועֶט עֶר טאַנצעֶן.

סעם: דעֶר טיִשמיִניִצעֶר קעֶן עֶף יו פּליִסעֶס
אַיי יעֶם גאָהן טאָבי אַ רביִלעֶ
אַיי וויִל טרייַ טובים היִם איִמפּיִסעֶס
טרייַ טולייַק אָוף מיַ באַבעֶלעֶ.
(בייִדעֶ טאַנצעֶן אָב. און באַבעֶלעֶ קומט צוריק).

באבעלע: אוי ווי אַזוי קאָן איך וויִדעֶר גאָט בעֶטעֶן, אַז אַלעֶ מייַנעֶ געֶדאַנקעֶן זעֶנעֶן ביי מייַן שמואֶליִקעֶל! אוי! ניִשט אויסגעֶרעֶד זאָל דאָס זייַן: שמואֶליִקעֶל איִז מיִר פיִעל ליִעבעֶר ווי דעֶר קרבן מנחה סיִדור. אַז עֶר מאַכט מיִר דאָ איִן האַרצעֶן! ביִם־סטאַראַ — ראַ־ראַם! (וויינט — יוחנצי קומט פון ליִנקס, שׂרה שׂיינדעֶל פון רעֶכטס)

שׂרה שׂיינדעל: אַ גוטעֶן יום־טוב דיִר רֶבּי!

יוחנצי: אַ גוט יום־טוב דיִר רֶבּיִצין.

שׂרה שׂיינדעל: וואָס זעֶה איך? באַבעֶלעֶ וויינט!

יוחנצי: אום פּוריִם!

שׂרה שׂיינדעל: ווייסט דו רבי וואָס זי איִז פעֶרווייַנט? פון דעֶם דאַווענעֶן. דעֶר סיִדור איִז אָבגעֶגאָסעֶן מיִט טרעֶרעֶן.

יוחנצי: העֶרסט דו! עֶס איִז דאָך דעֶם טאַטעֶנס טאָבטעֶר.

שׂרה שײנדעל: האָב קײן טעות. זי איז דאָך דעם יעהופיצערס אַנ'אײניקעל. באַבעלע! גײ רוף אַרײַן אַברהמעלען! זאָג איהם, ער זאָל באַלד אַרײַן קומען מקײם זײַן סעודת־פּורים. (באַבעלע אָב). זעהסט דו: פון אונזער בן יחיד האָבען מיר נישט קײן נחת, דערפאַר אָבער פון אונזער בת יחידה װעלען מיר, מיט גאָטס הילף, האָבען פיעל נחת.

יוחנצי: איך האָב דאָך געזאָגט! דעם טאַטענס טאָכטער.

שׂרה שײנדעל: זאָגסט שון װידער דאָס זעלבע! זי קאָן מעהר גראָטען זײַן אין דעם יעהופיצער, זכרונו לברכה.

אברהמעלע: (קומט אַרײַן מיט באַבעלען) אַ „גוט יום" אײַך אַלע.

שׂרה שײנדעל: אַ גוט יום טוב דיר מײַן קינד. אַברהמעלע! ביזט נאָך אַלץ צו טראָגען? פאָלג מיך מײַן קינד און פער־געס אין דער חצופה! איך האָב געהערט אַז זי איז משוגע געװאָרען. משוגע זאָל זי זײַן, רבונו של עולם! פאַר אַלע יודען.

אברהמעלע: מוטער! רעד נישט פון איהר! האָב רחמנות אויף מיר! איך װעל מײַן פערשטאַנד פערלירען!

שׂרה שײנדעל: נאַרעלע! פערגעס אין איהר! אויך אין איהר פאָטער דעם אַפּיקורוס!

באַבעלע: מאַמעשי! װײסט דו װאָס איך װעל דיר זאָגען? אַז דער פעטער האָט גאָר קײן שולד נישט אין דעם.

שׂרה שײנדעל: פון װאַנען װײסט דו דאָס?

באַבעלע: דעם פעטער'ס יונגעל האָט מיר געזאָגט.

שׂרה שײנדעל: װער? שמואליקעל האָט עס דיר געזאָגט? אָט דער שײגעצעל?

יוחנצי: אָט דער סמך מם?

שׂרה שײנדעל: װאו האָסטו איהם געזעהען?

באַבעלע: טאַקע דאָ אין שטוב.

שׂרה שײנדעל: זאָג נאָר, באַבעלע, איז ער געװעהן מיט דיר אין שטוב אַלײן?

**יוחנצי:** ביחודות? אָהן אַ שומר?!

**שרה שיינדעל:** אָט האָסט דו דיר, דעם טאַטענס טאָכטער.

**יוחנצי:** ניין! דעם יעהופיצערס אַנ'אייניקעל.

**שרה שיינדעל:** הייליגער יעהופיצער! וואָס שווייגסט דו? — זאָג דעם אמת, באַבעלע, וואָס האָט ער דאָ געטהון?

**באַבעלע:** ער איז מיר געקומען זאָגען אַז...

**שרה שיינדעל:** אַז וואָס? זאָג שוין גיכער.

**באַבעלע:** אַז... ער... האָט מיך ליעב...

**שרה שיינדעל:** וועה איז דעם טאַטען! וואָס שווייגסט דו בהן?!

**יוחנצי:** וואָס זאָל איך שרייען? איך זאָג דיר נאָר, אַז על פי דין זיינט איהר אַלע טרפה!

**שרה שיינדעל:** באַבעלע! וואָס האָסט דו איהם געענטפערט?

**באַבעלע:** אַז... אַז...

**שרה שיינדעל:** אַז וואָס?

**באַבעלע:** אַז איך האָב איהם אויך ליעב!

**שרה שיינדעל:** אַ וועהטוג איז מיר! וואָס שווייגסט דו בהן?

**יוחנצי:** וואָס זאָל איך שרייען? איך זאָג אייך נאָר: אַזוי ווי דער טאַטע אַזוי איז דער זוהן; דאָס עפּעלע פאַלט נישט ווייט פון בעמעלע.

**שרה שיינדעל:** פאָלג מיר רבי און קוק איבער די מזוזות! מיר דאַכט זיך...

**יוחנצי:** אונזערע מזוזות זענען שוין כשר, נור זייערע מזוזותלעך זענען נעבעך שוין פסולדיג געוואָרען.

**שרה שיינדעל:** יעהופיצער! וואָס שווייגסט דו?

**יוחנצי:** שווייג! לאָז מיר נאָר פרעגען איהר אַפּאָר ווערטער. (ער געהט צו צו באַבעלען) זאָג מיר נאָר באַבעלע, וואָס וועסט דו אָבער טהון אַז דער זוהן וועט נישט זיין בעסער פון דעם טאַטען?

**באַבעלע:** וועל איך איהם אַלץ ליעב האָבען.

**יאחנצי:** אַ גדולה אויף דײַן טאַטען.
**שׂרה שיינדעל:** וועה איז מיר! באַבעלע געה און זאָג תְּהִלִים וועסט דו זעהען אַז גאָט וועט דיר העלפען.
**באבעלע:** ניין מאַמע! קיין תְּהִלִים וועט שוין אויך נישט העלפען. (וויינט)
**אברהמלע:** וויין נישט שוועסטערעל. זײַ פערשׁטעהען דיך נישט! אָבער איך פערשטעה שוין גוט דײַן הערץ (ביידע וויינען).
**שׂרה שיינדעל:** וואָס פערוויינט איהר מיר דעם פּורים?!
**יוחנצי:** קומט זשע בעסער צו דער סעודה וועט עס הייסען אַז איהר בעוויינט הָמָנ׳ען. (עס קומען אָן געסט צו דער סעודה)
**אלע:** גוט יום טוב! גוט יום טוב! (זינגען)
זײַט אייך משַׂמח, טאַנצט זשע קינדער.
לכבוד אונזער רֶבִּין אונזער גלאַנץ.
יודעלעך און ווײַבעלעך נישט בעזונדער,
מאַכט אייך פערטיג אַ ראָד צום טאַנץ.
פערהויבט די פּאָלעס ס׳זאָלזײַן גרינגער,
טאַנצט זשע קינדער נאָר מיט כּח.
טאַנצט זשע אַלע עלטער און יונגער,
הויבט די פיסלעך אין דער הויך.
פּאַטשט מיט די הענדלעך,
הופּעט מיט די פיסלעך,
לכבוד דעם יום טוב,
לכבוד דעם פּורים!

## פאָרהאַנג.

ענדע דריטער אַקט

~~~~~~~~
~~~~~~~~

# פּירטער אַקט.

(בײַ רֶב יוחנצי)

**יוחנצי:** (צו זיך) וואָס טהוט מען? דער פּסח שטעהט שוי אונטער די פּלײצעס. אָט אָט איז שבת הגדול, און איך האַלט נאָך מיט מײַן דרשה העט! העט ווײַט!... אוי! וועה! צער גידול בנים! קינדער צרות! מען קאָן דען גאָר לעהרנען, מישטײנס-געזאָגט... איך מוז אויף זיך נעמען בחרם איך זאָל צו קײנעם אַ וואָרט נישט רעדען ביז איך וועל נישט אויסלעהרנען די דרשה. (ער שאָקעלט זיך) שַׁבָּת שֶׁלִּפְנֵי הַפֶּסַח...

**גימפּעל:** (קומט אַרײַן) רבי! איך האָב אײַך געוואָלט פרעגען...

**יוחנצי:** אי! נו! שבת שלפני הפּסח...

**גימפּעל:** רֶבּי! אײן וואָרט נאָר! געה איך באַלד אַוועק.

**יוחנצי:** אי, אי, א! איך מוז לערנען די דרשה אויף שבת הגדול!... קורין אותו שבת הגדול!

**גימפּעל:** אַ חכם בנאמנות! אַנדערש איז טאַקע נישט מעגליך אַ טאָן זיך אוים צו לעהרנען. און נאָך בײַ מײַן צרה אין דער היים... גימפּעל! שרײַט זי, ברינג מיר דאָס! ברינג מיר יענץ! גימפּעל! דאָס קינד האָט זיך... אַ חכם אַ יוד בנאמנות... אַ וואָרט נישט אוים רעדען. און טאַקע אָט אָ דאָ, וועל איך מיר אויסדרעהען קונציג דעם נײַעם „מִן הַמֵּצַר“ (שטעלט זיך פון דער צווייטער זײַט און זינגט) מן המצר קָרָאתִי יה...

**שאפּסע:** (קומט אַרײַן) רבי! הערט נאָר אוים דעם צעטעל! (יוחנצי האַלט אין אײן לעהרנען) איהר האָט קײן צײַט נישט? אָט איז רֶב גימפּעל (געהט צו גימפּלען) רֶב גימפּעל! הערט מיך אוים! צי קאָן איך שוין... (גימפּעל האַלט אין אײן זינגען) וואָס? איהר האָט אויך קײן צײַט נישט? דאַרף מען נישט!

איך קאָן מיר אַליין איבער חַזרען (ער לייענט איבער דעם צעטעל).

**דזויק:** (קומט אַריין קוקט זיך אַרום, געהט אַרום אין מגנטערט אַלע, אָבער זיי ענטפערען ניטשט) יוחני! ברודער! (יוחנצי לעהרענט בסדר) משוגע! — רב גימפעל קאָנט איהר מיר נישט... איך משוגע! — און דו שאַפסע!... אַ שטוב מיט משוגעים! האַ־האַ־האַ! (בעדענקט זיך) איך וועל זיי בּאַלד מיושב מאַכען! (ער שיסט אוים, אַלע פאַלען צו דער ערד, ער געהט אָב).

**שרה שיינדעל:** (לויפט אַריין) וועה איז מיר! וואָס איז דאָ געשעהען?! איך האָב געהערט אַזאַ טראַסק! אַ בראָך איז צו מיר! דאָ ליגט דאָך מיין יוחנצי! פינסטער איז מיר! מיין יוחנצי! איך בין געוואָרען אַ פינסטערע אלמנה! אוי מיין טהייערער מאַן! ביי וועמען האָסט דו מיך איבערגעלאָזט?!

**יוחנצי:** שאַ שאַ! רבּיצין! וואָס שרייסט דו אַזוי?

**שרה שיינדעל:** יוחנצי דו לעבסט?

**יוחנצי:** אַזוי דאַכט מיר, אַז איך לעב.

**שרה שיינדעל:** אוי וויסט איז מיר! בין איך נישט געבליבען קיין אַלמנה!

**יוחנצי:** וואָס אַיילסט דו דיך אַזוי? רבּיצין! (ער העבט זיך אויף) אָט ליעגט דאָך גימפעל! — רב גימפעל! איהר לעבט? האָט אייך אויך נישט געטראָפען די קויל?

**גימפעל:** פון וואַנען זאָל איך וויסען?

**יוחנצי:** איהר דאַרפט דאָך פיהלען. ברענט אייך נישט חלילה אויפ'ן האַרצען?

**גימפעל:** אוי עס ברענט מיר טאַקע! אוי געוואַלד עס ברענט!

**יוחנצי:** נו וואָס זשע שווייגט איהר? וואָס ליגט איהר? שטעהט אויף און לויפט גיך עפּעס טהון!

**גימפעל:** (שטעהט אויף) איך ווייס אָבער נישט, רבי, פון וואָס

עֶס ברעֶנט מִיר אַזוֹי. צִי אִיז דאָס פוּן אַ קויל, צִי גאָר פוּן דעֶם תיקון וואָס זִיךְ האָב געֶטרִינקעֶן.

**יוחנצי:** אַהאַ! אִיז עֶס געֶוויִס פוּן דעֶם תיקון — ווייַל תָּדִיר וְשֶׁאֵינוֹ תָּדִיר תָּדִיר קוֹדֶם: תִּיקוּן אִיז דאָךְ אַ שטעֶנדִיגעֶ זאַךְ, און אַ קויל טרעֶפט זִיךְ גאַנץ זעֶלטעֶן, מוּז עֶס אַוַדאי זייַן פוּן דעֶם תיקון.

**שׂאפּסעֶ:** מוּז זייַן געֶדרִינגעֶן אַז דִי קויל האָט מִיךְ געֶטראָפעֶן! אוֹי! עֶס אִיז אַפילו גִישט דאָ ווער עֶס זאָל מִיר בעֶווייִ־נעֶן! אַזאַ יונגעֶר בּוֹים! אַזאַ חכם פוּן דעֶר מה נשתנה! ווייִנט אויף זייַנעֶ יונגעֶ יאָהר! רבי זאָגט נאָךְ מִיר אַ חָצִי קַדִּיש!

**יוחנצי:** שׂאַפּסעֶ גולם! עֶנטפעֶר, דוּ לעֶבּסט?

**שׂאפּסעֶ:** פוּן וואַנעֶן זאָל אִיךְ וויִסעֶן!

**יוחנצי:** אָט ווערל אִיךְ בּאַלד וויִסעֶן. זאָג מִיר נאָךְ, שׂאַפּסעֶ, בְּקוֹל רָם: אֶחָד! אֶחָד! אֶחָד!

**שׂאפּסעֶ:** אחד! אחד! אחד!

**יוחנצי:** וואָס זשעֶ לִיגסט דוּ, שׂאַפּסעֶ?

**גימפּעֶל:** דוּ לעֶבּסט דאָךְ, גולם!

**שׂאפּסעֶ:** (שטעֶהט אויף) דראָנג! דראָננ

**גימפּעֶל:** גולם!

**שׂאפּסעֶ:** דראָנג! לאָז זייַן אַ גולם! אַבִּי אִיךְ לעֶבּ!

**שׂרה שיינדעל:** רֶבִּי! אַצִינד קוּק אִיבּעֶר דִי מזוזות!

**דזייק:** (קוּמט אַריין) לאָזט אָב אַייעֶרעֶ מזוזות. (צוּ יוחנצין) שלום עליכם! בּרוּדעֶר!

**יוחנצי:** געֶה אַוועֶק פוּן מִיר דוּ אַפּיקורוֹס! דוּ בִּיזט נִישט מעֶהר מייַן בּרוּדעֶר! מעֶן טהאָר אִין דייַנעֶ דַלֶת אַמות נִישט שטעֶהעֶן!

**שׂרה שיינדעל:** מִיט וואָס פאַר אַ העזה קוּמט אִיהר נאָךְ אַריין צוּ מִיר אִין שטוּבּ! אִיהר אַלטעֶר בַּעַל־עֲבֵרָה'נִיק!

**דזייק:** אַ שעֶנעֶר שלום עליכם! שׂאַפּסעֶ! קוּם נאָר אַהעֶר! וואָס

שטעהסט דו פון ווײַטען, מיש דיך אויך אַרײַן מיט אַ וואָרט.

שאַפּסע: איך בין דאָך געװעהן דער גאַנצער בעל דבר.

דזייק: וואָס ביזט דו געוועָן?

שאַפּסע: די גאַנצע חתונה האָב איך דאָך אויף געשפּיעלט. וואָס איך האָב געזעהען האָב איך אויסגעשריען.

דזייק: וואָס האָסט דו געזעהען?

שאַפּסע: אַ חכם! אַז איך וועל אוים זאָגען וועל איך דאָך זײַן...

גימפּעל: אַ גולם!

שאַפּסע: דראָנג!

דזייק: און איהר, רב גימפּעל! וואָס זאָגט איהר (אברהמעלע ערשײַנט).

גימפּעל: וואָס זאָל איך זאָגען? איך קען אײַך זאָגען נאָר דאָס איינע: אַז די אונגליקליכע חנה'לע איז אונשולדיג און ריין!

אברהמעלע: זאָגט זשע מיר, רב גימפּעל! וויפיעל האָט איהר געקריגען, איהר זאָלט אַזוי זאָגען?

גימפּעל: פע? אברהמעלע! דאָס איז נישט שען! גימפּעל חז מאַכען פאַר אַ ליגנער! אָ אברהמעלע! צו אונז אין שטיבעל לאָז איך דיך מעהר נישט אַרײַן.

שאַפּסע: דראָנג! וועט ער געהן אין שול אַרײַן. אין שול בין איך דאָך...

גימפּעל: גולם!

שאַפּסע: דראָנג!

דזייק: עזלען! לאָזט מיר כאָטש איין וואָרט רעדען!

שאַפּסע: (ווײַזט אויף גימפּלען) דאָס מײַנט איהר איהם! יאָ?

דזייק: וואָס האָט איהר צו דער אָרעמער יתומה? פאַר וואָס האָט איהר זי אָנגעמאַכט אַזאַ שאַנדע? איך געה יעצט פון איהר! עס רײַסט בײַם הערצען אָנצוקוקען וואָס איהר האָט געמאַכט פון איהר!

רה שׁיינדעל: אַ שׁענע, ריינע כפּ־ה...
דזייק: האַלט דאָס מויל! דו יעהופּיצערס טאָכטער!
שׂרה שׁיינדעל: זעהט נאָר ווי ער נעמט זיך אָן פאַר איהר!
דזייק: איך מוז מיך פאַר איהר זיך אָננעמען, ווייל איך ווייס אַז דאָס קינד איז אונשולדיג! זי איז אַ נאַכט־וואַנדלערין. זי איז שלאָפענדיג אַריין צו מיר אין צימער, ווען איך האָב שוין קיין צייט געהאַט וועמען צו וויסען טהון, ווייל איך האָב זיך געאיילט צום צוג...
יוחנצי: שלאָפענדיג גאָר?
שׂרה שׁיינדעל: נו, יוחנצי. וואָס זאָגסט דו אַצונד?
יוחנצי: וואָס זאָל איך אייך זאָגען? איך זאָג אייך נאָר, אַז כל היוצא מִפִּיו שֶׁקֶר וְכָזָב! על פּי דין ביזט דו טרפ ה א ער איז טרפה!...
שׂרה שׁיינדעל: פאַר וואָס איך נאָך?
יוחנצי: איך מיין זי. (דזייק וויל אָבגעהען)
אברהמעלע: פּעטער! איין אונגעגבליק! איך וויל אייך נאָר עטוואָס בעטען: פּעטער! ווען איהר זאָלט מיר קענען אויסווייזען אַז איהר האָט געזאָגט די ריינע וואָרהייט, וועל איך זי פערגעטערין! אָ פּעטער! גיעט מיר צוריק מיין חנהלען, אַזוי ריין און אונשולדיג, ווי זי איז געוועזע פריהר עהדער איהר זענט געקומען!...
דזייק: וואָס ווילסט דו? ביזט דו ביים ריינען זינען?
אברהמעלע: ביים ריינען זינען!... איך בין דער איינציגער אונגליקליכסטער אויף דער וועלט! מען האָט ביי מיר אַוועק געראויבט דאָס בעסטע און טהייערסטע וואָס איך האָב פערמאָגט!.. פּעטער! זאָגט מיר! וואָס אינטערעסירט איהר אייך אַזוי מיט חנה'לען?... איהר שווייגט! אָ! פערשאָלטען זאָל זיין די שעה אין וועלכער זי האָט אונזער שוועל בעטרעטען! אָבער ניין!... איהר האָט עס מיין לעבען געראויבט! איהר האָט עס זי געמאַכט אַלס בעטריגערין!

גימפּעל: אָ ניין קינדער! זי איז נישט קיין בעטריגערין! איהר וועט אלע מוזען אָבגעבען דין וחשבון פאַר גאָט אויף דעם וואָס איהר האָט זי אַזוי אונגליקליך געמאַכט! איהר זעהט נישט צו איהרע צרות! איך זאָג אייך אַז די גאַל קאָן פּלאַצען קוקענדיג אויף דער אונגליקליכע נשמה! עס צו נעמט דאָס האַרץ! אַ שטיין קאָן צו גאַהען ווערען. זי רייסט ביי מיר אַרויס דעם ימים נוראים־דיגען אֱנָקַת מְסַלְּדֶךָ און איך העב אָן אויפן קול: אוי מְקִימִי מֵעָפָר דָל! או מֵאַשְׁפּוֹת יָרִים אֶבְיוֹן!

שׂאפּסיע: (זינגט נאָך לויט דעם טאָן) דראָנג! דראָנג!

גימפּעל: (ווײַזט אַ בילד) אָט מיט דעם בילד טראָגט זי זיך אַרום טאָג און נאַכט. דריקט עס קושט עס, לאַכט און וויינט אַז מען קאָן צו גאָסען ווערען. דאָס איז דאָס בילד פון איהר מוטער עליה השלום!

דזייק: ווײַזט נאָר דאָס בילד.

גימפּעל: ניין! איך טהאָר עס פון דער האַנד נישט אַרויס געבען. עס איז ביי איהר טהײַערער ווי איהר לעבען. איך מוז עס איהר באַלד צוריק געבען. זי האָט עס אין אויפרעגונג פערלוירען, און איך בין טאַקע געקומען איהר אָבגעבען דאָ אַהער. אום עס איהר אָב צו געבען! דאָס איז איהר לעבען...

דזייק: איך גיעב עס אייך באַלד צוריק. (נעמט דאָס בילד און גיעט אַ ווילדען שרײַ אויס)

גימפּעל: וואָס איז אייך? מיליאָנטשיק לעבען!

דזייק: דאָס איז דאָס בילד פון איהר מוטער?... אַך! אסתר מיינע פרוי! חנהלע מיין טאָכטער! איך האָב גערעכענט אַז איהר זענט שוין לאַנג געשטאָרבען! אָ טאָכטער!

אלע: אייער טאָכטער!

שׂרה שׂיינדעל: חנהלע איז אייער טאָכטער!

דזייק: זאָגט מיר רב גימפּעל ווי קומט זי צו אייך?

גימפּעל: מיט עטליכע יאָהר צוריק איז געקומען פון אַמעריקא מיין ווייבס שוועסטער, און מיט איהר איז מיט — געקומען אסתר, עליה־השלום, מיט איהר קינד חנהלע! אויף לאַנגע יאָהר. זי האָט דערצעהלט אַז פאָהרענדיג קיין אַמעריקא איז דערטרינקען געוואָרען איהר מאַן מיט אַ קליין קינד און האָט דאדורך געמוזט צוריק קעהרען אַהיים. אָז ניט לאַנג פאַר אייער קומען איז די אָרעמע אסתר געבליבן געשטאָרבען.

דזייק: אָ אומגליקליכע אסתר! און איך דיין מאַן מיט דיין קינד סעם, זענען ניצול געוואָרען! און איך האָב אייך גע־רעכענט פאַר טויט! אָ איך אונגליקליכער!

אברהמעלע: פּעטער! פערצייהע!

דזייק: אָ גאָט! וואָס האָט איהר געמאַכט פון מיין קינד! וואו איז זי? ווייזט מיר! (ער לויפט אָב, אַברהמעלע נאָך איהם)

יוחנצי: וואָס זשע זאָגט איהר?

גימפּעל: איך זאָג ווי אַלע מאָל אַז זי איז כשר וישר! איך מוז אויך לויפען (אָב)

יוחנצי: הײנט געה און ריכט זיך גאָר אַז זי איז פון אונזער פאַמיליע!

שׂרה שיינדעל: קום יוחנצי לאָמיר אויך אַהין געהן!

יוחנצי: און די דרשה?

שׂרה שיינדעל: קום זאָג איך! האָסט פערגעסען אַז איך בין דעם יעהופיצערס טאָכטער? איך האָב באַלד געוויסט אַז אין זיין זכות וועט זיך אַלץ אויסהיילען. קום!

יוחנצי: שבת שלפני הפּסח... (ביידע אָב)

שאפּסע: האַ־האַ־האַ! נישטאָ בנאמנות ווער עס זאָל לאַכען. אַ שענע וועלט, מען האַלט אין איין חושד זיין. קוים זעהט מען אַ פרייליין געהן מיט אַ יונגען מאַן, האָט מען באַלד גרויסע אויגען, כאָטש עס איז ניט געשטויגען און ניט געפלויגען! (ער זינגט)

1.

איך קאָן אַ יונגעס קינד ,
שׂען ווי דאָס רײַכסטע בילד ;
זי איז זיכער ריין פון זינד
און איז נאָר אַביסעל ווילד .
און ווײַל זי איז נאַאיוו ,
ליעבט זי אַ לאַך אַ שטיף .
קוים געהט זי מיט אַ יונגען מאַן
געפונט זיך שוין גרויסע אויגען
און מען איז באַלד לחוב איהר דן !...
כאָטש ס'איז נישט געשטויגען
און ס'איז נישט געפלויגען .

---

2.

און אָט דער יונגער מאַן
איז בראַוו און סאָליד :
איז באמת איידעל פײַן
נאָר פיפיג איז ער ניט ...
און אַמאָל טרעפט זיך פאָרט
אַז ער רעד אַ איבעריג וואָרט
אין זאָגט וועמען דעם אמת אַרויס
עסט מען איהם באַלד מיט די אויגען
און מערעד אויף איהם אַלץ אויס !...
כאָטש ס'איז נישט געשטויגען
און ס'איז נישט געפלויגען .

## פערוואנדלונג.

(עס שטעלט פאר א פרייע געגענד אונטערן שטאט
דזייק קומט אן מיט א דאקטאר)

**דזייק:** דא, זאגט מען, וואנדעלט זי הערום יעדען טאג. אפשר וועלען מיר זי דא אויך היינט טרעפן.

**דאקטאר:** בערוהיגט אייך, הערר דזייק. די קרענק איז אפילו נישט אזא גרינגע. דאך איז זי צום אויס־היילען. איבער־הויפט ווען זי איז געקומען, דורך אויף־רעגונג און פלעצליכעם אונגליק, קאן זי ווידער פערשווינדען ביי פלעצליכעם גליק און פריידען... (באבעלע און סעם אין א לאנגען ראק)

**באבעלע:** גוט מארגען פעטער!

**סעם:** האדויודו פאפא.

**דזייק:** הערר דאקטאר. דער איז מיין זוהן. ער האט זיך אויסגעזוכט א געליעבטע און וויל מיט איהר הייראטהען. (צום דאקטאר) ווענדעט זיך אב:

**דאקטאר:** ווי? אזוי יונג הייראטהען? ווייזט נאר, קינדער אייערע צונגלעך.

**באבעלע:** וואס וויל ער?

**סעם:** מיר זאלען איהם ווייזען אונזערע צונגען. (ביידע ווייזען די צונגען)

**דאקטאר:** נייז קינדער! איהר טהארט נאך נישט הייראטהען!

**באבעלע:** (וויינט) וואס וועלען מיר אצינד טהון?

**סעם:** וועלען מיר הייראטהען אהן א דאקטאר. (צום דאקטאר) סער דאקטאר! שא מי יו טאנג.

**דאקטאר:** וואס זאגט ער?

**דזייק:** איהר זאלט איהם ווייזען אייער צונג. (דאקטאר ווייזט).

**סעם:** יו אר עביק פועל! (לאכט)

**דאקטאר:** וואס זאגט ער?

**דזייק:** אַז איהר זענט אַ גרויסער נאַר. האַ־האַ־האַ! ער איז אַ גרויסער שוינגעץ. (צו סעם׳ן) ער! סעם אויף אַנ׳עלטערן מענשען טהאָר מען דאָס נישט זאָגען.

**דאקטאר:** עס מאַכט נישט, עס מאַכט נישט,

**דזייק:** סעם! ווייסט אַז דו האָסט אַ שוועסטער חנהלע?

**סעם:** קאָם אַן פּאַפּאַ! ווינ וויל גאָהן טו האָור. (עס קומען אַן שׂרה־שׂיינדעל, יוהנצי, אברהמעלע גימפּעל און געסט מיט דער נאָך חנהלע)

**שׂרה שׂיינדעל:** נו? זי איז נישטאָ? (חנהלע קומט אַן)

**חנהלע:** (וואונדערנד) מוטער! וואו ביזט דו? דער פאָטער לעבט! קום צוריק! (דזייק און אברהמעלע ווילען צו לויפען, דער דאָקטער האַלט זיי אויף)

**דאקטאר:** רוהיג: נישט ראַשענד זי איבער וועקען. לאַנגזאַם!

**דזייק:** (שוואַך) טאָכטער! טאָכטער! דיין פאָטער! דיין אברהמעלע!

**חנהלע:** (ערוואַכט צו ביסלעך) מיין פאָטער? מיין אברהמעלע?! וואו איז ער?

**אַברהמעלע:** (פאַלט פאַר איהר אויף די קניע) פערצייע! חנהלע! איך האָב געזינדיגט געגען דיר!

**חנהלע:** אברהמעלע! אויף די קניע? פאַר אַ בעטריגערין? פאַר אַנ׳אויסגע־לאַסענע...

**דזייק:** פערצייע איהם טאָכטער! ער איז אונשולדיג!

**חנהלע:** אברהמעלע! שטעה אויף! איך פערצייע דיר!

**אברהמעלע:** פערצייעסט? (ער שטעהט אויף) אַך ווי גליקליך! (אומאַרמען זיך)

**חנהלע:** } מיין ליעבער אברהמעלע!
**אברהמעלע:** } מיין ליעבע חנהלע!

**סעם:** מיי סיסטער?

**דזייק:** יאָ קינד.

**סעם:** (צו דזשענעהן צו חנהלע) יו אַר מיי סיסטער!

**הנהלע:** ⎫ טהייערער ברודער !
**סעם:** ⎭ מיין סיסטער ! ⎬ (קישען זיך)

(פויזע , נאכהער געהט צוריק סעם צום פאטער , באבעלע און הנהלע קושען זיך)

**סעם:** פאפא ! באבעלע זאגט דאס זי מיך ליעב .

**באבעלע:** (שלעפט איהם אוועק) וואס טהוסט דא ? איך שעם זיך !

**דזייק:** איז דאס וואהר ? זאג זשע עס פאר אלעמען .

**יוהנצי:** שבת שלפני הפסח !

**דזייק:** גענוג שוין מיט דיין שבת שלפני הפסח ! וואס זאגסטו צו דעם פאארעל ?

**יוהנצי:** א וואוילער יונגעל .

**סעם:** אנקעל . איי וואנט יו שעלבי מיי פאדערגלא

**דזייק:** נו . . און זי שוועגערין , רביצין וואס זאגען זי ?

**שרה־שיינדעל:** פאר וואס לאזט איהר איהם רעדען גויש ? מען פערשטעהט דאך איהם קיין אייןווארט נישט .

**גימפעל:** פאר וואס פערשטעה איך איהם : ער וויל נעמען אייער טאכטער פריהר פאר א כלה און דער נאך פאר א ווייב .

**סעם:** דעט רייט .

**דזייק:** אלזוי שוועגערין וואס זאגען זי ?

**שרה־שיינדעל:** יוהנצי ! וואס זאגסט דו ?

**יוהנצי:** רב גימפלל וואס זאגט איהר ?

**גימפעל:** איך זאג עס זאל זיין מיט מזל און ברכה אין א גליקליכער שעה .

**דזייק:** אלזוי מיינע פריינד ! מארגען פייערען מיר די האכצייט פון מיין טאכטער מיט אברהמעלען , און גלייכצייטיג אויך די פערלויבונג פון מיין סעם'ן מיט באבעלען . בלייבט אזוי ?

**שרה שיינדעל:** נו רבי ?

**יוחנצי:** נו רביצין?

**גימפּעל:** נו זאָגט שוין יאָ אין אַ מַזֶלדיגער שעה!

**שׂרה שיינדעל:** זאָל זיין מיט מזל און ברכה. דער יעהופיצער זאָל זיך מיהען.

**יוחנצי:** לאָז זיין מיט מַזֶל!

**גימפּעל:** מיט מזל און מיט ברכה פאַר אונז אַלעָ!

**אלע:** מזל טוב! מזל טוב!

**גימפּעל:** נו לאָמיר געהן אַ טענצעל!

(אלעָ זינגעָן) זייט איך מְשַׂמֵח, טאַנצט קינדער!
לכבוד אונזער רֶבּין אונזער גלאַנץ
(און זאָ ווייטער ווי אויבען)

פאָרהאַנג.

## ענדע



# גאָלדפֿאדענס
# טהעאטער שטיקע.

| | |
|---|---|
| שולמית | 25 קאָפּ' |
| בר כוכבא | „ 25 |
| דאקטאר אלמאסאדי | „ 20 |
| אחשורוש | „ 20 |
| קוני לעמיל | „ 20 |
| באבא מיט דעם איניקעל | „ 20 |
| צויבערין (כישופֿמאַכערין) | „ 25 |
| מליץ יושר (רבי יאָזעלמאַן) | „ 25 |
| לא ת מוד | „ 25 |
| עקדת יצחק | „ 25 |
| קאבצינזאהן עט הונגערמאן | „ 20 |
| שמענדריק | „ 10 |
| דאס יודעלע (ליעדער) | „ 40 |
| קאקעדקע דאמע פֿון נ. מ. שייקעוויץ | „ 25 |
| שפאנישע אינקוויזיציע | „ 25 |

צו בעקומען אין בוכהאַנדלונג פֿון

Я. ЛИДСКІЙ

Варшава, улица Налевки № 32.

# קאַטאַלאָג פֿון נייע טעאַטער ביכער

| | | |
|---|---|---|
| אייביגע ליעד. | ארנשטיין | 12 |
| אוריאל אַקאָסטא. | פֿון לערנער | 25 |
| אחשורוש. | פֿון גאָלדפֿאַדען | 20 |
| אידישער פּריץ. | פֿון שײַקעװיץ | 20 |
| אַלגעמיינער סטרייק. | פֿון ה. שטיפּס | 15 |
| אַמעריקאַנער ארבייטער. | פֿון יעקב סער | 10 |
| אסתר'קע. | פֿון עפּעלבערג | 25 |
| אשה רעה. | | 25 |
| באָבע מיט'ן אייניקעל. | פֿון גאָלדפֿאַדען | 20 |
| ביה דוד. | | 25 |
| בן הדור. | הורוויץ | 25 |
| בלימעלע. | | [illegible] |
| בר כוכבא. | פֿון גאָלדפֿאַדען | 25 |
| געברידער לוריע | פֿון י. גאָרדאָן | 20 |
| גאָט מענש און טייפעל. | פֿון י. גאָרדאָן | 50 |
| דאָקטאָר אַלמאַסאַדאַ. | פֿון גאָלדפֿאַדען | 20 |
| דאָראַ. | פֿון שלעפּענשטיין | 25 |
| דבורה'לע מיוחסת. | י. גאָרדאָן | 20 |
| דוד אין דער וויסטע. | פֿון עפּעלבערג | 20 |
| דוד'ס פידעלע. | | 25 |
| דער קאַמפּף. | פֿון ה. שטיפּס | 15 |
| הדסה די חלוצה. | | 25 |
| הערצעלע מיוחס. | | 25 |
| ווילדע פּרינצעסין. | פֿון י. גאָרדאָן | 30 |
| וועבער. | | 30 |
| זשיראָווקא. | פֿון לערנער | 25 |
| חאַשע די יתומה. | | 30 |
| חינקע און פּינקע. | | 20 |
| יהודית ואָלאָפֿערנוס. | פֿון לערנער | 20 |
| יודען. | פֿון טשיריקאָוו | 35 |

| | | |
|---|---|---|
| כישוף מאַכערין (צויבערין). | פֿון גאָלדפֿאַדען | 25 |
| כל נדרי. | | 20 |
| לא תחמוד. | פֿין גאָרדאָן | 25 |
| מירעלע אפרת. | פֿון י. גאָרדאָן | 30 |
| מישקע און מאָשקא (אָדער די איראָפּייער אין אמעריקא) | | [illegible] |
| מליץ יושר (רבי יאָגעלמאַן). | | 20 |
| מעדעא. | פֿון יאָרדאַן | [illegible] |
| משוגעים הויז. | פֿון ד. פּינסקי | [illegible] |
| משיח'ס צייטען. | פֿון ש. אַש | [illegible] |
| נאָב'ן שמאָייק. | טשורני | [illegible] |
| עקדת יצחק. | | [illegible] |
| עתליהו. | | [illegible] |
| פאלשער משיח. | (דוד גאָלדפֿאַדען) | [illegible] |
| פאַמיליע צבי. | פֿון ד. פּינסקי | [illegible] |
| צוזיט און צו שפּרייט. | פֿון שלום עליכם. | [illegible] |
| צוויטער המן. | | [illegible] |
| קאַבצענזאָהן און הונגערמאַן. | גאָלדפֿאַדען | 20 |
| קוני לעמל. | | 20 |
| קאָקעטקע דאַמע. | שײַקעוויץ | 20 |
| רעפעטיציע קאָמעדיע און צוויי אַקטען. | | |
| | פֿון א. רייזען | 10 |
| שולמית | פֿון גאָלדפֿאַדען | 25 |
| שיועכטמער. | פֿון י. ל. פּ[illegible] | 15 |
| שלום בית. | | 25 |
| שלמה גאָרגל. | | 20 |
| שמענדריק. | פֿון גאָלדפֿאַדען | 10 |
| שפּאַנישע אינקוויזיציע. | | 20 |
| שפּרינצע די מעקלערין. | | [illegible] |

צו בעקומען אין בוכהאַנדלונג:

**Я. Лидскій,** Варшава, Налевки 36.

